# יעווגעני יעווטושענקאָ

## ז אַ מ ל ו נ ג



איקוף 

פאַרלאַג

ניו־יאָרק

# YEVGHENI YEVTUSHENKO

## Collection of
## POEMS and ARTICLES

אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פון
י-ב ש-ל

Published by
YIDDISHER KULTUR FARBAND (YKUF)
189 Second Avenue

New York 3, N. Y.
**1962**

Printed in the U.S.A.
209

# אינהאַלט

# א י נ ה אַ ל ט

III



יעווגעני יעווטושענקאָ לייענט זיינע לידער ביים
וול. מאיאקאָווסקי־מאָנומענט אין מאָסקווע.

נחמן מייזיל

# יעווגעני יעווטושענקאָ

### 1.

די לעצטע פּאָר חדשים, זינט ס׳איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן, דעם 19טן סעפּטעמבער 1961, אין דער מאָסקווער „ליטעראַטורנאיא גאַזעטאַ“, דאָס ליד „באַבי־יאַר“, איז יעווגעני יעווטושענקאָ געוואָרן וועלט־באַרימט ביי נישט־יידן און נאָך מער — ביי יידן. זעלטן ווען אַ דיכטער און זיינס אַ ליד זאָלן מיט איין מאָל באַהערשן די געמיטער פון ליטעראַטור־ליבהאָבער, פּאָליטיקער און סתם לייענער, וואָס האָבן בכלל קיין שייכות נישט צו דיכטונג. דאָס ליד „באַבי־יאַר“ איז גלייך איבערגעזעצט געוואָרן אין פיל שפּראַכן. אין יידיש ווייסן מיר פון אַ צען פאַרשיידענע איבערזעצונגען. עס איז אויך אין העברעיאיש, ענגליש, פּויליש א. אַז. וו. איבערגעדיכטעט געוואָרן און געדרוקט אין די אָנגעזעענסטע בלעטער פון טאָג־צייטונגען, וואָך־און חודש־זשורנאַלן. עס גייען אויך אַרום פון האַנט צו האַנט געשריבענע און העקטאָגראַפירטע איבערזעצונגען פון נישט קיין פּראָפעסיאָנעלע שרייבער. אַזוי רייצנדיק און שפּאַנענדיק איז דער אינהאַלט און די טעמאַטיק פונעם ליד! אין די ערשטע עטלעכע טעג האָבן אפילו אַ צוויי רוסישע דיכטער־שרייבער אין מאָסקווע געפּרוּווט אָפּשרייען און פאַרשרייען דעם מחבר, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן און כלל נישט געווירקט אָפּצושוואַכן דעם שטאַרקן רושם פונעם דיכטערישן אַרויסטריט...

ווער איז דער דיכטער יעווגעני יעווטושענקאָ? האָט ער ביז אָט־דעם „סענסאציאָנעלן“ אַרויסטריט געשריבן נאָך לידער? פון וואַנעט שטאַמט ער? פון וועלכער סביבה און צייט איז ער אַרויסגעוואָקסן? איז זיין „באַבי־יאַר“ בלויז אַ צופאַל, אַן אומגעריכטער דיכטערישער

וויי־געשריי, אָדער עס איז אַ ריגע אין זיין שאַפעריש־דיכטערישער קייט?

דאָס זיינען נאַטירלעכע פראַגן, וואָס האָבן זיך גע־שטעלט ביי יעדן איינעם פון אונדז, ווען מיר זיינען אויפגעטרייסלט געוואָרן פון די מערקווירדיקע ווער־טער, באַטאָגנוגען און מאָנונגען אינעם שטראָף־ליד.

לאָמיר טאַקע זען, פון וואַנעט יעווגעני יעווטו־שענקאָ קומט, וואָס איז זיין דיכטערישער מהות און וועלכער איז דער דיכטערישער וועג, וואָס ער האָט ביזאַהער אַדורכגעמאַכט.

אין די ערשטע טעג האָט מען געשריבן, אַז ער איז אַן אוקראַינער, ווייל דער פאַמיליע־נאָמען איז אוק־ראַיניש. עס ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז יעווגעני אַלעקסאַנדראָוויטש יעווטושענקאָ איז געבוירן אויף דער סטאַנציע זימא, אין אירקוטסקער געגנט (אָבלאַסט), ער איז איצט אַ יונגערמאַן פון 28 יאָר, ער איז געבוירן אין 1933.

מ. ליטווין (פון פאַריז), וואָס האָט איבערגעזעצט פאַר אונדז עטלעכע לידער פון יעווטושענקאָ, שרייבט אונדז אין אַ בריוו: „...כ'האָב די טעג געהערט, אַז יעווטושענקאָ, וואָס איז געבוירן אין סיביר, זאָל פאָרט זיין, ווי זיין נאָמען זאָגט, פון אוקראַאינער אָפּשטאַמונג, ער זאָל אָפּשטאַמען פון אַ פאַמיליע אָדער פון אַ פער־זאָן, וואָס איז אַמאָל פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר פאַר רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט קעגן צאַריזם... עס קאָן געמאָלט זיין, ווייל אין זיינס אַ ליד געפין איך אָנדיי־טונגען דערויף. ער דערציילט דאָרט, אַז בעת דער לעצטער וועלט־מלחמה איז זיין מאַמע געווען אויפן פראָנט, און די קינדער זיינען געבליבן מיט דער באָבע. אין אָט־די באָבעס פלעגט אין פרייער צייט דערציילן די קינדערלעך „וועגן שטרייקן, וועגן אונטערערד, וועגן אַנטלויפן פון תפיסות, וועגן הערשאָסנע פריינט“. זי פלעגט אויך זינגען פאַר זיי וועגן „אַ גרויסן אַנטשיי־דענעם קאַמף“, און די קינדער־אייניקלעך האָבן מיט איר מיטגעזונגען. און „ווען די קינדער האָבן געזונגען די „וואַרשאַוויאַנקאַ“, זיינען די דייטשן אָפּגעטראָטן פון

מאָסקווע"... מיינט עס, אַז די השערה, אַז ער שטאַמט פון אוקראַינע, שטיצט זיך יאָ אויף עפּעס וואַרשיינלעכעס... האָט דער יונגער יעווגעני איינגעזאַפּט נאָך פון זיינע קינדער־יאָרן בונטאַרישע רעוואָלוציאָנערע געפילן און שטימונגען...

.2

מיט פיר יאָר צוריק, סוף 1957, איז אין מאָסקווע דערשינען אינעם מלוכה־פאַרלאַג אַ גרויסע „אַנטאָלאָגיע פון דער רוסישער סאָוועטישער פּאָעזיע", זינט דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע פון 1917־1957, אין צוויי דיקע בענד, אין געפּאַקטע 1,660 זייטן, אין וועלכע עס זיינען אַריין לידער און פּאָעמעס פון 214 סאָוועטיש־רוסישע דיכטער. יעווגעני יעווטושענקאָ איז דאָרטן פאַרטראָטן מיט 4 גרעסערע לידער. ער איז דאָרטן דער סאַמע יינגסטער, דער בן־זקונים. די אַנטאָלאָגיע הויבט זיך אָן מיט לידער פון מאַקסים גאָרקי, אל. בלאָק, וו. בריוסאָוו, וול. מאַיאַקאָווסקי, סערגעי יעסעניך, באָריס פּאַסטערנאַק, אַנאַ אַכמאַטאָוואַ, ס. מאַרשאַק, פּ. אַנטאָקאָלסקי א. אַנ. דער יונגער יעווטושענקאָ האָט אַ גאַנץ פיינעם דיכטערישן יחוס־אָבות. אין 1957 איז ער אַלט געווען 24 יאָר, זיינע לידער, פון 1952־1955, טיילן זיך אויס מיט זייער אייגנאַרטיקער פאָרם, מיט זייער פאַרטיפטן אינהאַלט און אויפריכטיקן טאָן.

אינעם קורצן פאָרוואָרט פון די צונויפשטעלער פון דער אַנטאָלאָגיע ווערט געזאָגט, אַז „די געבראַכטע לידער און פּאָעמעס זיינען געשאַפן געוואָרן אין די יאָרן, וואָס זיינען פול געווען מיט מערקווירדיקע היסטאָרישע געשעענישן, וועלכע האָבן געענדערט דעם אויסזען פונעם לאַנד", און אַז „די רוסישע סאָוועטישע פּאָעזיע האָט אָפּגעשפּיגלט די וויכטיקע ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אינעם לעבן פון דער געזעלשאַפט און אינעם באַוואוסטזיין פונעם פאָלק".

פּ. אַנטאָקאָלסקי, איינער פון די אָנגעזעענסטע סאָוועטיש־רוסישע דיכטער (אַ ייד, בכלל איז דאָ אַ באַדייטנדיקע צאָל באַוואוסטע סאָוועטיש־רוסישע דיכטער

יידן!), זאָגט אין זיין בוך „פּאָעטן און צייט" (מאָסקווע, 1957), אַז „די סאָוועטישע פּאָעזיע לעבט". און אַז „עס רייסן זיך אַריין אין איר אָן אויפהער יונגע שטימען, וואָס צווישן זיי זיינען דאָ ריינע, אויפריכטיקע, אויפרעגנדיקע". ער רעדט מיט פּאַטערלעכער ליבשאַפט און רירנדיקער צערטלעכקייט וועגן די יונגע דיכטער, וואָס קומען דירעקט פונעם לעבן און טראָגן אין זיך אַליין־אַדורכגעלעבטע, אַדורכגעפּיבערטע און דורכגעוויטיקטע גרוילן פון דער לעצטער צייט, פונעם צווייטן וועלט־קריג און פון דער גרויזאַמער היטלער־אָקופּאַציע־צייט...

יעווגעני יעווטושענקאָ געהערט שוין צו אַ שפּעטערדיקער צייט. ביים אויסברוך פונעם וועלט־קריג, איז ער אַלט געווען אינגאַנצן אַ 6־7 יאָר. אין זיינע יונגיטשקע יאָרן האָט ער אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן און שטייגער אויפגענומען די מוראדיקע צייט און איבערגעלעבט שווערע פּאַסירונגען, וואָס האָבן זיך טיף איינגעקריצט אין זיין זכרון, צו וועלכע ער קערט זיך אום ווידעראַמאָל און אבעראַמאָל אין זיינע סענסיטיווע לידער און פּאָעמעס.

אָט זיינען אַ פּאָר פּרטים פון זיין ביאָגראַפיע, ווי זיי זיינען אָנגעגעבן אויף זיינע ביכער: פון זיין פריער יוגנט האָט ער געאַרבעט אויף אַ קאָלכאָז, אין אַ זעגפאַבריק, ווען די דערוואַקסענע, די עלטערע זיינען אַוועק אויפן פראָנט צו שלאָגן זיך מיטן שונא, מיט די היטלעריסטישע האָרדעס, וואָס זיינען באַפאַלן סאָוועטנפאַרבאַנד. אין די יאָרן 1948־1950, שוין נאָכן קריג, איז ער אַרויסגעפאָרן מיט געאָלאָגיש־פאָרשערישע עקספּעדיציעס אין קאַזאַכסטאַן און אויפן אלטאַי, ווי אַן אַרבעטער און אַ זאַמלער. אין 1948, צו 15 יאָר, קומט ער קיין מאָסקווע, וואו ער טרעט אַריין אין ליטעראַרישן אינסטיטוט. זיינע ערשטע לידער ווערן פאַרעפנטלעכט אין 1949 און דערנאָך דרוקט ער שוין לידער אין פאַרשיידענע זשורנאַלן. זיין ערשט לידערבוך דערשיינט אין 1952, ווען ער איז אַלט 19 יאָר, און אין די יאָרן 1955, 1956, 1957 ווערן אַרויסגעגעבן

זיינע ווייטערדיקע ליד־זאַמלונגען. ער זעצט אויך איבער לידער פון גרוזינישע פּאָעטן, און זיינע לידער דערשיינען אויף פאַרשיידענע שפּראַכן. אין 1959 איז אַרויס זיין בוך „לידער פון פאַרשיידענע ציטן", עס האַלט 240 זייטן. מיר האָבן דאָרטן אָפּטיילן: קריגס־יאָרן, עלטער, גאַנצקייט, לידער וועגן ליבע, פון וואַנעט שטאַמט איר? (פּאָעמע).

3.

די שווערע יוגנט־יאָרן, וואָס דאָס ייִנגל יעוגעני האָט אַדורכגעמאַכט בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה און אין די גרויל־יאָרן פון דער אָקופּאַציע פון די דייטשישע היטלער־באַנדעס, האָבן זיך טיף איינגעשניטן אינעם האַרץ און מוח פונעם סענסיטיוון בחורל, נישט צום אָפּמעקן און נישט צום פאַרגעסן. עס זיינען צו זיי צוגעקומען די פּאַטריאָטישע געפילן און די מסירת־נפש־שטימונגען, וואָס האָבן געהערשט אין יענע יאָרן אינעם הינטערגרונט פונעם לאַנד ביי די, וואָס זיינען געבליבן אין די פאַרוויסטע היימען. אין די לידער, וואָס יעווטושענקאָ האָט פאַרעפנטלעכט אין די שפּעטערדיקע יאָרן, מישן זיך כסדר אָט־די געפילן — פון שרעק און העראָאיזם, פון שטאַרקער שנאה צום אַריינדרינגער און פון לייד־בשאָפּטלעכן קאַמפּס־ווילן. די בילדער און שילדערונגען זיינען אַנדערש פון דער קריגס־פּאָעזיע, וואָס האָבן אין יענער צייט געשריבן און אויסגעזוייטיקט די דיכטער אויף די פראָנטן.

אין אַ ליד „ספּוטניצא" (מיטגייערין־מיטפאָרע־רין), געשריבן אין 1954, שילדערט יעווטושענקאָ שאַרף און שניידיק און אין דערזעלביקער צייט זייער רירנד, ווי ער מיט אַ מיידעלע, קאַטיאַ, פון אַ ניין יאָר, זיינען פאַרבליבן פון הינטן, אָפּגעשטאַנען פון דער באַבע, ווען „די דייטשן האָבן באָמבאַרדירט אונדזער צוג"... ער, דאָס ייִנגעלע, ווערט דער מיידעלעס אפּעקון. ער גיט אויף איר אַכטונג... „אַ מיידעלע, און דאָך אַ מענטש", מען קאָן דאָך נישט איבערלאָזן אויף הפקר אַ מענטשן, ווען עס רייסן זיך אויף באָמבעס... „די

ערד איז געווען גרויס, אָבער מיר זיינען געווען קליינ־טשינקע...״ האָבן די ביידע פאַרוואָרלאָזטע קינדער געפּויזעט אויף אַלע פיר מיט די לעצטע כוחות, און איינער האָט געמוטיקט דעם צווייטן. זיינען זיי אַזוי געגאַנגען דורך אויפרייסן און שריפות. „דער הימל פון 1941, — זאָגט ער, — האָט זיך געטרייסלט, עס האָבן אים אונטערגעשפּאַרט געדיכטע זיילן רויך...״

אַ שטיקל הינטערגרונט פון דער יוגנט בעת גרויזאַמען קריג...

און אָט אַן אַנדער ליד, אַ טיף־רירנדיק ליד, וואָס הייסט „חתונות״. עס הויבט זיך אָן מיט דער שורה: „אַ, חתונות אין מלחמה־צייט״. אַ טרויעריקע שילדערונג פון אַ חתונה. דער חתן גייט באַלד אין קריג. „בלאַס און מאַט זיצט [ער] אַן אָנגעסטראָ־עטער״, „אין צוויי־דריי טעג וועט אין שינעל דעם גרויען ער צום פראָנט שוין זיין אַוועק״, — און „פון אַ קויל אַ דייטשישער וועט פאַלן אפשר ער״. ער, דער דיכטער, איז אַ גוטער טענצער, רופט מען אים צו דערפרייען חתן־כלה, געסט. אויף דער וואַנט איז דאָ אַ לאָזונג: „אויף היטלערן אַ באַגראַב, און ביי דער כלה קייקלען די טרערעלעך ווי באָב״... „מיר טאַנצט זיך נישט״, זאָגט דער דיכטער...

דאָס ליד איז געשריבן אין 1955, אַ 11 יאָר נאָכן קריג... דער דיכטער לעבט אַלץ מיט דעם אַמאָליקן דערדריקנדיקן געמיט־צושטאַנד.

נאָך קלאָרער און שאַרפער טרעטן אַרויס די געוויסן־געפילן און די אחריות־טראַכטענישן פונעם יונגן דיכטער אין אַ ליד, געשריבן אין 1953, וואָס הייסט „מיר איז איצט 20 יאָר״, וואו יעווטושענקאָ ברענגט ווידעראַמאָל אַרויס זיינע יונגע יאָרן און די געדאַנקען, וואָס האָבן אים און זיינס גלייכן דאַן באַהערשט. ער רעדט מיט טענות און פאָרוואורף צו זיך: „דאָרטן, אויף די פראָנטן, האָבן די דערוואָקסענע, די עלטערע, געקעמפט אין שווערע אַטאַקעס, זיי האָבן זייערע לעבנס אַוועקגעלייגט, אַז די טאַנקען זאָלן נישט גרייכן צו מיר״... — — — „עס זיינען געגאַנגען צוגן אויפן

פראַנט, געגאַנגען און געגאַנגען, און מיט זייער פייפן האָבן זיי אונדז באַאומרואיקט, און צוריקגעקומען זיי־נען זיי מיט פאַרוואונדעטע..." און דער דיכטער גיט צו: „ביישט מיר האָבן אויפגעריסן אונטער דעם שונא בריקן, נישט מיר האָבן אָפּגעשלאָגן סטאַלינגראַד, אָן אונדז איז דער פיינט אָפּגעשטויסן געוואָרן פון מאָסקווע און אָן אונדז האָט מען בערלין גענומען..."

עס רעדט דאָס אויפגעוואַכטע געוויסן פון איינעם פונעם יונגן דור, וואָס איז געקומען נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, וועלכער באַגרייפט, וואָס דער פריער־דיקער דור האָט באַוויזן מיט זיין איבערמענטשלעכן העראָאיזם און קרבנות־פולע קאַמפן. ער מאָנט ביי זיך, ביי זיינע מיטצייטלער, דין וחשבון. ער זאָגט אין אַ ליד: „מיר זיינען געוואַקסן, מיר טרעטן אַריין אינעם צוקונפטיקן לעבן... מיר טראַכטן נישט און באַרע־כענען נישט, וואָס ס'איז געטאָן געוואָרן ביז אונדז". און ער פירט אויס: „מיר זיינען פונקט אין צייט גע־בוירן און אויסגעוואַקסן" און מיר דאַרפן געדענקען: „צוליב דעם סאַמע וויכטיקסטן — צוליבן מענטשן", און דעריבער — „מוזן מיר באַרעכטיקן מיט אונדזער לעבן דעם טויט פון די אומגעקומענע פאַר אונדז".

עס איז דאָ אין דער גאָרער וועלט טענות צום נאָך־מלחמה־דור, וואָס איז מיד פון די פליכטן און איז גערן אַראָפּוואַרפן פון זיך זאָרגן, התחייבותן, און ער וויל וואָס־גיכער זיך פאַרגעסן פון דעם אַלעמען, וואָס עס איז געווען. דאָ אָבער האָבן מיר פאַר זיך אַ דיכטער, וואָס האַלט אין איין מאָנען־דערמאָנען, וואָס עס איז געווען, ער פילט זיך שולדיק, ער וויל צאָלן און אָפּצאָלן חובות, וואָס עס קומט דעם פריערדיקן דור...

.4

אָט־די מאָטיוון אין יעווטושענקאָס דיכטונג אי־בערראַשן אונדז. זיי ווידערהאַלן זיך אויף פאַרשיי־דענע אופנים אין זיינע לידער, וואָס זיינען געשריבן אין פאַרשיידענע צייטן. אָט שטייט ער (אין איינעם אַ

ליד, וואָס הייסט „פאַר פאַרטיזאַנישע קברים"), ער לייענט די אויפשריפטן, ער טראַכט וועגן די אומגע־בראַכטע פאַר דער נייער וועלט און ער זאָגט: „איר, פאַרטיזאַנער, איר האָט געהאָלפן מיר מיט אַלץ וואָס איר האָט געקאָנט... איך מוז זוכן און ליידן... עס וואַרט אויף מיר אַ וועלט פון קאַמף און דרייסטקייט... אַ וועלט, וואו די לעבעדיקע טראַכטן וועגן די טויטע, און וואו די טויטע העלפן אַרויס די לעבעדיקע".

ער קאָן זיך אַלץ נישט אַרויסבאַפרייען פון די שולד־געפילן לגבי די קעמפער, וואָס האָבן ביי די שווערסטע באַדינגונגען און פייניקונגען איבערגע־לעבט די קריגס־צייט, און פיל פון זיי זיינען אומגעקו־מען אָדער אומגעבראַכט געוואָרן. ער פילט די נויט־ווענדיקייט צוצוטראָגן זיין חלק, ער רופט זיך און רופט זיינע מיטצייטלער צו צאָלן דעם חוב, די חובות. אין איינעם אַ ליד „די בעסטע פון אונדזער דור" ווענדט ער זיך צו זיי: „ווינטשט מיר צו זיין מוטיק, דרייסט, בענטשט מיך צו גיין אין קאַמף! נעמט מיך מיט, ווען איר גרייפט אָן... איך וועל זיין דער טרומייטער, איך וועל שאַלן..."

ער איז נישט צופרידן מיט זיך, ער פאַרלאַנגט פון זיך מער און מער. ער זאָגט אין אַ ליד: „און איך — איך לויף אַליין נאָך זיך, און קאָן זיך נישט דער־יאָגן". דאָס ליד פאַרענדיקט ער מיט די ווערטער: „מען האָט מיר איינגעטיילט אַן עשירות און ניט גע־זאָגט, וואָס צו טאָן מיט דעם".

ווי מיר זעען, איז יעווטושענקאָ אָפט אַ זאָגער, מער זאָגער ווי זינגער. זיינע לידער האָבן שטענדיק אַ מיין, אַ כוונה. ער איז ציל־אָנגעווענדט. און ער האָט אין ווע־מען זיין געראָטן. מיר פילן אין אים השפּעות און איבעררופן מיט אַל. בלאָק, מיט סערגעי יעסענין און מיט וולאַד. מאיאקאָווסקי. אָבער ער גייט זיך שטענדיק זיין אייגענעם גאַנג, און ער פירט כסדר אַן אייגענעם חשבון מיט זיך, מיט דער צייט. אינאיינעם מיט אָט־דער ציל־אָנגעווענדקייט, האָבן מיר ביי אים אָפט אויך שטיפערישקייט, שקאָצעריי (אין גוטן זינען פונעם

וואָרט) און ייִנגלשקייט. דאָס גיט אים די מעגלעכקייט איבערצוגיין פון טיפער ערנסטקייט צו שפּילעוודיקייט. די אומגעריכטע איבערגאַנגען ביים שילדערן מענטשן, סיטואַציעס, איבערלעבענישן גיבן צו די לידער רייץ, חן. זיי זיינען שאַרף, לאַקאָניש. ער געברויכט נישט קיין האַרבע, שווערמוטיקע ווערטער. ער וויכט פון אָנגענומענע אויסדרוקן. די אָפטע עפּיש־פּראָזאַאישע אָפּנויגן באַלעבן די לידער. ער איז בכלל אָפט דער־ציילעריש, ער איז מער שילדערער ווי סתם ליריקער. ער איז דורכאויס מענטשלעך, און אַן עכט־אויפריכטי־קער טאָן ווערט כסדר דורך אים, אויף אַ פיינעם און איידעלן אופן, אַריינגעבראַכט אין זיין ליד, וואָס ווערט אַדאַנק דעם באַזונדערס האַרציק־אינטים.

יונגקייט, ייִנגלשאַפט קעמפט כסדר ביי אים מיט עלטער. ער איז עלטער געוואָרן פאַר דער צייט, היט ער איצט איין אין זיינע דערוואָקסענע יאָרן די יונג־קייט, די שפּילעוודיקייט, די פאַרשייטקייט. ער שטרעבט אַלעמאָל צו נייקייט, צו פרישקייט, צו שאַפערישקייט. אין דעם זינען איז אינטערעסאַנט זיין ליד, וואָס הייסט „די ריטער פון אינערציע“.

מיר ברענגען דאָ עטלעכע שורות, פון דער אי־בערזעצונג פון מ. ליטווין.

אָט ווי ער מאָלט זיי, די מענטשן, וואָס שלעפן זיך נאָך זייער אייגענער אינערציע:

„געבליבן זיינען זיי, ווי חפצים, פונקט די זעלבע;
פּרוביר דאָס נייע זיי אַריינקלאַפּן — וועסט זען:
פון אויסן זיינען זיי שוין כלומרשט נישט אַזעלכע,
פון אינעווייניק — אַקוראַט נאָך ווי געווען“.

און דאָס ליד ווערט פאַרענדיקט: „ווייזט אויס, עס האַלט ביי זיי גאָר שמאָל די מערכה, / אויב שלאַכט אָפענע זיי מיידן אויס מיט שרעק...“

עס איז זיכער שוין אַ צייכן פון דער לעצטער צייט, ווען, ווי אַל. טוואַרדאָווסקי האָט געזאָגט אין זיין רעדע אויפן לעצטן 22טן קאָמ. צוזאַמענפאָר: „די ליטעראַ־טור און קונסט רופן זיך אָפּ מיט אַ באַזונדערער סענ־

סיטיוּוקייט אויף אַלץ, וואָס קומט פאַר אינעם לעבן פון דער געזעלשאַפט". אין דער זעלביקער רעדע האָט אל. טוואַרדאָווסקי זיך איבערגערופן מיט דעם פיל־ייִנגערן דיכטער, ווען ער האָט געזאָגט: "...דער פערזאָנען־קולט איז שוין נישטאָ, אָבער זיין אינערציע און זיינע אָפּקלאַנגען געפינען נאָך, לײַדער, אַן אָרט אין אונדזער ליטעראַטור"...

באַדאַרף מען טאַקע באַטאָנען, וואָס יעווגעני יעווטושענקאָ האָט נאָך פריער דורך זיין ליד אָפּגעשפּאָט פון די אינערציע־לייט...

.5

דאָס ליד איז ביי אים אַ געווער, אַ כלי־זיין. ער שלאָגט דערמיט אָפּ אָנפאַלן, פאָרוואורפן. מען האָט צו אים טענות, אַז ער איז יונג, איז שטיפעריש, און אַז ער גייט נישט אין שפּאַן, ענטפערט ער דערויף מיט אַ ליד: "דו שרעק זיך נישט, צו זיין אַ יונגער און פאָרויסיק, / צו זיין אַ יונגער און פאַרשפּעטיקט — דאָס איז שלעכט..." און ער זאָגט צו זיך: "דו וואַקס, כל־זמן דו ווערסט נאָך קאָנען וואַקסן ווייטער! / דו איל זיך, איל, כל־זמן ס'איז ווייטער דאָ וואוהין!"

אָפּט פאַרברייטערט זיך זיין דיכטערישער האָריזאָנט און ער גייט אַריבער פון אייגענע, אינטימערע איבערלעבענישן און פּאַסירונגען, און טראַכט זיך אַריין אינעם וועלט־גורל. דאָ באַקומט שוין זיין ייִנגלשע שטימע פעסטערע, געדיכטערע "נאָטקעס". ער רעדט דיבורים פון אַ גרעסערן און ברייטערן פאַרנעם. אין אַ ליד "די ביזע", שמועסט ער, ווי זיין שטייגער איז, אויף זיין דיכטערישן אופן וועגן דעם 20־סטן יאָרהונדערט: "יאָרהונדערט פונעם גרויסן ספּוטניק, — וויפל טרויעריקעס און פאַרצווייפלונג דו פאַרמאָגסט! ביסט אַ גוטער יאָרהונדערט און אַ — מערדער, אַ יאָרהונדערט אַ באַגראָבער פון אייגענע אידייען, און אַ יאָרהונדערט פון יונגע בייזע מענטשן!" און אין פאַרביטערונג און אין פאַרצווייפלונג פאַרענדיקט ער, אַז

„דער יאָרהונדערט איז נישט קיין פאָטער, נאָר אַ שטיפפאָטער!...“

און ווייל ער פאָדערט כסדר, ווייל ער טראָגט אין זיך אומצופרידנקייט, רייסן זיך אַריין אין זיינע ליי־רישע לידער „פובליציסטישע טענער“, געדאַנקלעכע אַרויסזאָגונגען. אָט רעדט ער וועגן זיין דור, און דאָס מיינט ביי אים קודם כל וועגן זיך גופא, און ער זאָגט: „מיר זיינען בלויז אַ שטאַפּל און נישט קיין שוועל, / מיר זיינען בלויז אַן אַריינפיר“. ער איז נישט צופרידן פון האַלבע אמתן, — „מיר ווילן, מיר פאַרלאַנגען פולן אמת!“ און ער גיט צו: „אונדז זיינען פרעמד די פאַלשע געטער...“ אָבער דאָך: „טיף אין האַרצן גע־דענקען מיר, אַז דאָס ברויט, מיט וועלכן מ'האָט אונדז געשפּייזט, איז אונדזערע עלטערן גרינג נישט אָנגע־קומען ..“

עס טרייבט אים אַן אימפּעט און ער באַקלאָגט זיך אָפט, אַז ער דערפילט נישט די אויפגאַבן, וועלכע שטייען פאַר אים. און ער זאָגט אין אַ ליד:

„דער לייענער וואַרט, —
אין מיר —
מיר גייען זייער פּאַמעלעך,
אָדער מיר דערלאַנגען אים גאָר ליגנס...“

אַזעלכע טרעפלעכע, שלאָגעוודיקע אויסדרוקן האָבן מיר אָפט ביי יעווטושענקאָן. אין אַ ליד („נאָווי מיר“, 1957) האָבן מיר שוין אויך אָפּקלאַנגען פון דער צייט, ווען דער שרייבער־דיכטער האָט שוין געקאָנט אָפן און פריי טאַדלען און מאַכן פאָרוואורפן. ער זאָגט דאָרטן, אַז „דער פלייס חושד צו זיין — איז קיין פאַר־דינסט נישט“, און „אַז אַ בלינדער שופט — איז נישט קיין דינער דעם פאָלק“... און „מוראדיק איז ווען מען נעמט אויף אַ שונא פאַר אַ פריינט“, און נאָך ער־גער איז „איילן צו דערקלערן אַ פריינט פאַר אַ שונא...“

דער יונגער סענסיטיווער דיכטער איז וואַך געווען צו די עוולות, וואָס ער האָט אָנגעטראָפן אינעם לעבן אַרום. אין אַ לענגער ליד „ראָסיאַ“ (רוסלאַנד), וואָס

ער האָט פאַרעפנטלעכט דעצעמבער 1957, שרייבט ער:

„רוסלאַנד, דו האָסט מיך געלערנט
אין די יונגע און אין די שפּעטערדיקע יאָרן,
צו זיין איינגעשפּאַרט, צו זוכן סיבות
פון דעם, וואָס שלעכט איז, וואָס ס'איז נישט ווי ס'דאַרף צו זיין...
און פאַרטיידיקן דעם אמת,
און געבן אין פּיסק אַריין דעם ליגנער...“

און ווייטער זאָגט ער, אַז רוסלאַנד האָט אים געלערנט:

„אַז זיין זאָל מיר אַ חבר און פריינט,
מעג עס זיין אַ פּאָליאַק אָדער אַן אוזבעק,
אַ ייד אָדער אַן אוואַריער, —
אויב נאָר ער איז אַ גוטער מענטש...“

ווייל ער אָפּהיטן אָט דעם געבאָט, און ער מאָנט עס ביי זיך און ביי אַנדערע.

6.

יעווגעני יעווטושענקא האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דער סאָוועטישער קריטיק צו זיינע שאַפונגען, צו זיך. מיר האָבן נישט איצט קיין מעגלעכקייט נאָכצופאָלגן וואָס מען האָט געשריבן אין די פאַרשיידענע סאָוועטישע זשורנאַלן און צייטשריפטן וועגן אים. מיר וועלן איצט ציטירן איניקע אַרויסזאָגונגען פון אַן אָפּהאַנדלונג, וואָס איז געדרוקט געוואָרן מאַי 1955 (אין „נאָווי מיר“, איינעם אָנגעזעענעם סאָוועטישן ליטעראַרישן זשורנאַל). עס זאָגט מ. טעלפּונאָוו וועגן דעם צווייטן לידער־בוך פון יעווגעני יעווטושענקאָ „דער דריטער שניי“ (דאָס ערשטע לידער־בוך, ווי געזאָגט, איז אַרויס אין 1952): „דער אַרויסטריט פון אַ דיכטער מיט אַ צווייטן בוך איז אַלעמאָל אַן ענין אַ זייער פאַראַנטוואָרטלעכער, — מען דאַרף קריטיש זיך אַרומקוקן אויפן אַדורכגעגאַנגענעם וועג, פאַרפעסטיקן דאָס דערגרייכטע און גיין און טרעטן ווייטער“.

און דער קריטיקער זאָגט:

„אינעם ערשטן בוך פונעם יונגן פּאָעט יעווגעני יעווטושענקאָ האָבן מיר באַמערקט אַ הייסן שטרעבן פונעם דיכטער זיך צו לערנען ביי מאיאַקאָווסקין אַקטיוו זיך אַריינצורייסן מיט די לידער אינעם לעבן אַריין, און אויך דעם אופן, ווי צו בויען דאָס ליד. מיר האָבן אָנגעטראָפן אין יענער נישט־גרויסער זאַמלונג בלעטער, אָן ספק טאַלאַנטפולע, וואָס רעדן און ווייזן אויף די שאַפערישע מעגלעכקייטן פונעם מחבר. אָבער צוזאַמען מיט די בונטע לידער האָבן מיר אויך רעטאָרישע, קאָפּ־פאַרטראַכטע לידער, וואָס זאָגן עדות, אַז דער דיכטער קוקט זיך צו צום לעבן נאָך נישט איבעריק גוט און שאַרף, און ער באַמערקט אָפט בלויז אויסערלעכע שטריכן און סימנים״...

און פאַרגלייכנדיק די ביידע לידער־זאַמלונגען, וואָס זיינען דערשינען אין 1952 און אין 1955, באַטאָנט דער קריטיקער, אַז „דער קרייז פון די טעמעס, וואָס רעגן אים אָן, האָט זיך שטאַרק פאַרברייטערט. זיין ליד איז קרעפטיקער און גאַנצער געוואָרן, און זיין בליק איז שאַרפער געוואָרן״. און ער כאַראַקטעריזירט אים אַזוי: „אַריינרייסנדיק זיך אָפט אָט אין דעם געביט פון פובליציסטישן ליד, אָט אין דער ספערע פון ליריק, און אָט אין פּאָעטישן רעפּאָרטאַזש, — באַמיט ער זיך מיט איין מאָל זיך אָנצושפּאַרן אויף עטלעכע פונקטן פון זיינע שאַפונגס־כוחות״. דאָס איז אַ ריכטיקער שטריך אין דער כאַראַקטעריסטיק פונעם איינגאַרטיקן פּאָעט, מיר טרעפן אים אָפט אין די פאַרשיידענע לידער. און טעלפונאָוו גיט צו, אַז „דאָס מאָל פרואווט יעווטושענקאָ פיל אַקטיווער זיינע כוחות אין דער ליריק, פיל און גערן שרייבט ער וועגן ליבע, און אין זיינע לידער לויכטן די ריינע געפילן פון דעם יונגן סאָוועטישן מענטש, וואָס זיין האַרץ איז אָפן פאַר אַלע לעבנס־פריידן״. און ווייטער: „דער פּאָעט זוכט פלייסיק ווערטער ווי צו דערציילן נישט נאָר וועגן אויסערלעכע דערשיינונגען פונעם אַרום, נאָר אויך וועגן דער רייכער אינעווייניקסטער וועלט פון זיינע העלדן״.

מיר ווילן דערצו צוגעבן: יעווטושענקאָ זוכט בעיקר

ווערטער און אויסדרוקן, ווי צו ברענגען צום פולן אויסדרוק זיין אייגענע רייכע אינעווייניקסטע וועלט און זיינע אויפגעוואַכטע געפילן. דאָס זעען מיר און איבערצייגן זיך וואָס־מער מיר לייענען זיינע לידער אויף פאַרשיידענע טעמעס, געשריבן ביי פאַרשיידנסטע געלעגנהייטן.

אָט דרוקט ער, סוף 1955, אַ ליד „פון אַ גייעם בוך", וואָס הייסט „דאָס 1905־טע יאָר", און ער הויבט אָן דאָס ליד אַזוי:

„יאָרן גייען.
און וועגן יעדן יאָר,
איז דאָ זיין באַזונדערע טראַכטעניש,
זיין באַזונדערע דערציילונג.

יאָרן גייען,
אָבער גייען נישט אַוועק,
נאָר זיי בלייבן צווישן אונדז..."

און ווייטער אין ליד ברענגט ער אַרויס דאָס מערקווירדיקע 1905טע יאָר. ער באַטאָנט, אַז ער וויל נישט זינגען קיין באַנאַלע אָדעס צו דעם. און אין אַ פּאָעמע „פון וואַנעט זייט איר?" (1958) מאָלט ער פאַרשיידענע פּאַסאַזשירן אין אַ צוג און צווישן אַנדערע — אויך אַ „יידישע פרוי פון ביראָבידזשאַן". ער האָט דערוויל אַ מעגלעכקייט צו רעדן וועגן עכטער ברודערשאַפט. ער קלאָגט זיך, וואָס מען פאַרגעסט אָפט אָט־דעם עיקר העיקרים און וואָס מען קוקט אויף דער אָפּשטאַמונג ווי אויף עפּעס אַ זינד. ער הערט זיך צו צו די שמועסן אין צוג, וואָס „זיינען אומדאַנקבאַר און זייער געוויסן איז נישט ריין". און „ווי דאָס אַלץ איז אומפּאָליטיש, ווייל דער מהות פון פּאָליטישקייט איז האָך גוטסקייט..."

.7

יעווגעני יעווטושענקאָ ווייזט אַרויס אַ באַזונדערן אינטערעס און אַ ליבשאַפט צו די שאַפונגען פון אַנדערע פעלקער. ער האָט פאַרעפנטלעכט איבערזעצונגען פון פאַרשיידענע דיכטער, וואָס שאַפן אויף אַנדערע שפּראַכן. אָט אָט ליגט פאַר מיר איציק פעפערס

אַ זאַמלונג לידער אין רוסיש, אַרויסגעגעבן דורכן מאָסקווער פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“ (1957, 394 ז״ז), און צווישן די פאַרשיידענע איבערזעצער האָבן מיר דאָ אויך דעם באַמען יעווגעני יעווטושענקאָ, וועלכער האָט פּרעכטיק איבערגעדיכטעט א. פּעפּערס „פון אַלטע העפטן“ (אַ לענגער ליד פון 3 זייטן). איך האָב נישט, לײַדער, דעם אָריגינאַל, קאָן איך נישט פאַרגלייכן די יעווטושענקאָ־איבערזעצונג מיטן מקור, און זען, וואָס ס׳איז דאָ פון יעווטושענקאָן.

אינעם אויגוסט־נומער „נאָווי מיר“ (1961) האָבן מיר אַן איבערזעצונג פון אַרמעניש, וואָס יעווגעני יעווטושענקאָ האָט אָפּגעדרוקט. און דאָס איבערגעדיכטעטע ליד, וואָס האָט אַזאַ קעפּל „14X2“, האָט אַ נאָענטע שייכות צו זיין שטימונג, צו זיין קוראַזש, צו זיין באַציאונג צו „אָנגענומענע אמתן“.

מיר גיבן דאָס ליד אין אַ פּראָזע־איבערזעצונג:

„פון דער יוגנט אָן האָב פאַרגעדענקט די ווערטער. / אַלע דערוואַקסענע אין דער וועלט / האָבן ווי פּיקהאָלצס געפּיקט, / אַז צוויי מאָל צוויי איז פיר — / ווילסט יאָ אָדער נישט — / פיר. / אָבער איך האָב זיך איבערצייגט / ווידער / און ווידער / עס קאָן אויך דער אויספיר זיין אַן אַנדערער, / אַז צוויי מאָל צוויי — / איז אַמאָל פינף, / און אַמאָל גאָר — נול. / דערנאָך, / פאַרשטייט זיך, האָב באַשולדיקט די דערוואַקסענע / דערפאַר, וואָס זיי האָבן פאַר מיר דעם אמת פאַרבאַהאַלטן, / האָב איך אָנגעהויבן צווייפלען אין דעם, / וואָס מען האָט מיך / אין שול / ריכטיק געלערנט. / אָבער איך האָב זיך אויסגעהיילט / און פאַרשטאַנען, שעמעוודיק, / און צופרידן פון מיין אויסהיילונג, / אַז קרעפּטיקער ווערט / יעדער געזעץ / אַ דאַנק די אויסנאַמען!“

אין „נאָווי מיר5“ (בוך 5, 1958) האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף יעווגעני יעווטושענקאָס אַן איבערזעצונג פון אַ גריכישן היינטצייטיקן דיכטער — אַלעקסיס פּאַרניס, וואָס הייסט: „דער קאַטשעגאַר איוואַן פּעטראָוויטש גייט אַוועק אין פּענסיע“, און פאַראַן דאָרט,

אינעם ליד, אַזאַ ווענדונג צום אַלטן אַרבעטער־האָרע־פּאַשניק:

„ניין, עס וועט נישט אַוועקגיין
דיין נשמה
אין פּענסיע! —
זיין פאַר מיר אַ פּענסיאָנערקע —
פּאַסט זיך נישט פאַר איר פּנים!"

מען דאַרף, פאַרשטייט זיך, נאָכזוכן נאָך און נאָך פון זיינע פילצאָליקע איבערדיכטונגען פון אַנדערע שפּראַכן, כדי צו זען זיין ריינדיקע ליבשאַפט און פיעטעט פאַרן שאַפן פון אַנדערע פעלקער, וואָס איז באַזונדערס נאָענט צו זיין דיכטערישן וועזן.

.8

ווען מיר באַטראַכטן טיפער די פאַרשיידענע איגנ־אַרטיקע לידער פון יעווטושענקאָ, וואו מיר האָבן גלייכ־צייטיק איינדרוקן־איבערלעבענישן פון פאַרגאַנגענע יאָרן, טרעפלעכע באַצייכענונגען־שילדערונגען פון לע־בעדיקע מענטשן און אויך שאַרף־כאַראַקטעריסטישע עפּיזאָדן פון רעאַלע פּאַסירונגען, — דערמאָנען מיר זיך אין די לידער פון דעם זייער־טאַלענטפולן טיף־אָריגי־נעלן סאָוועטיש־רוסישן דיכטער אַל. טוואַרדאָווסקי, וואָס איז באַוואוסט און באַליבט געוואָרן אין סאָוועטנ־פאַרבאַנד מיט זיינע פּרעכטיקע פּאָעמעס: „וואסילי טיאָרקין", „מוראוויא", „זאַ דאַליו דאַל", א. אַנד. ווי ביי טוואַרדאָווסקין אַזוי אויך ביי יעווטושענקאָן האָבן מיר אַלעמאָל אָריגינעלע מאָדאַל־עטישע אויספירן, וואָס האָבן אין זיך מוסר־השכל און שטראָף־און מאָ־נונג־רייד. און ווי זיין עלטערער קאָלעגע־דיכטער (דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון „נאָווי מיר"), רעדט יעווו־טושענקאָ צו אונדז דורך זיינע צאַרט־לירישע לידער אויך „פּראָזאַאישע", שיער נישט קיין פּובליציסטישע רייד. אין דעם זינען איז ער פיל נעענטער צו אַל. טוואַרדאָווסקי, ווי צו וול. מאַיאַקאָווסקי... ער גע־ברויכט נישט קיין צו־שטאַרקע ווערטער און אויס־

דרוקן, ער איז צוריקגעהאַלטענער, שטילער און בעיקר — ער געהערט צו אַ גאָר אַנדערער צייט.

עס איז באַזונדערס אינטערעסאַנט, ווי דערזעלבער אַל. טוואַרדאָווסקי, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין 1910, עטלעכע יאָר זיך באַטייליקט אין קריג און טאָקע געווען אויפן פראָנט, רעדט צו דער יוגנט, צום יעווטושענקאָ־דור. אין אַ גרעסערן ליד „וועגן יונגשאַפט", געשריבן אין 1957, זאָגט ער צווישן אַנדערן (מיר גיבן אַ פּאָר אויסצוגן אין אַ פּראָזע־איבערזעצונג): „מיר ווייסן דעם באַטייט פון די קומענדיקע יאָרן / און ווייסן אויך, אַז די יוגנט איז גערעכט, / אָבער נישט ווי יונג גראָז, / וואָס פאַרבייט די אַלטע, / כדי אויך ביזן ווינטער אָפּצולעבן. / נייַן, די יוגנט מיט אַנדערע אויפגאַבן / טרעט נאָך אונדזער הייסן טריט / נאָך דעם, וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן / און גייט צום געוואונטשטן ציל".

און ווייטער זאָגט ער, אַז „אונדזער אייגן־היימישע יוגנט, ווען זי הייבט זיך אין דער הויך, טאָר זיך נישט איבערנעמען און שטעלן צייכנס צו די עלטערן"... און פּונקט ווי יעווטושענקאָ דערמאָנט, אַז די עלטערן האָבן גענומען בערלין, אַזוי זאָגט טוואַרדאָווסקי, אַז „זיינע עלטערן האָבן גענומען דעם ווינטער־פּאַלאַץ [אין 1917] אָן זיין דור"... און טוואַרדאָווסקי גיט צו, אַז די יוגנט דאַרף נעמען אין באַטראַכט, אַז „אין אירע פּוסטריט קומט אַ נייע יוגנט, וואָס וועט פאַרבייטן זי, און וועלכע טראָגט איר מיסיע"...

יעווגעני יעווטושענקאָ איז נאָך גאָר יונג, קוים 28 יאָר אַלט, און ער האָט שוין אַזוי פיל מאָטיוון און סענטענצן, מאָנונגען און וואָרנונגען, טראַכטענישן און אַרויסזאָגונגען אַרויסגעבראַכט אין זיינע טיף־פילנדיקע, וואַכע און צאַפּלדיקע לידער און פּאָעמעס, וואו אמת און גוטסקייט, שטראָף־און מוסר־רייד מישן זיך כסדר. ער האָט נישט איין מאָל שוין אַרויסגעוויזן אין זיינע דיכטערישע שאַפונגען געוואַגטקייט, דרייסטקייט. פאַרשטייען מיר דעריבער און באַגרייפן זיין אויפגעבראַכטקייט. זיינע פּראָטעסט־געפילן און געדאַנ־

קען, וואָס ער האָט אַזוי שאַרף און שניידיק, אַזוי קלאָר און אָפן אַרויסגעבראַכט אין זיין ליד־פּאָעמע, וואָס איז איבער נאַכט אַזוי פּאָפּולער און באַרימט געוואָרן — אין זיין „באַבי־יאַר".

עס איז אַ וויי־געשריי פון אַן אויפריכטיקן סענ־סיטיוון דיכטער, אַ צעוויטיקטן און עכט־מענטשלעכן. דאָס ליד איז אַ רינג אין דער קייט פון זיין דיכטערישן שאַפן. עס איז גוט, וואָס עס האָט זיך געפונען אַ דיכ־טער, וועלכער האָט געבראַכט צום דיכטערישן אויס־דרוק דעם וויי, דעם צער און צאָרן פון דעם אַלעם, וואָס איז פאַרבונדן מיט אונדזער מקום־קדוש, מיט „באַבי־יאַר".

מיר וועלן פאַרענדיקן אונדזער אַרטיקל מיט די עטלעכע שורות פון אָט־דעם ליד (לויט דער איבער־זעצונג פונעם סאָוועטיש־יידישן שרייבער זיאמע טעלעסין):

„דער באַבי יאַר — אין ווילדן גראָז דורכאויס,
די שטרענגע ביימער קוקן מיט באַדויער.
אַלץ שרייט דאָ שטילערהייט. מיין קאָפּ כ'אַנטבלויז,
איך פיל כ'ווער גרוי, מיט יעדער רגע גרויער,
איך בין אַליין אַ שטומער אויסגעשריי,
מיט קינד און קייט איך פאַל דאָ ריי נאָך ריי,
און יעדעס מאָל איך ווער אויפסניי דערשאָסן".

עס איז פאַראַן אַן אויסדרוק אין תלמוד: „יש קונה עולמו בשעה אחת", — מען קאָן אַמאָל איינקויפן זיך אַ וועלט אין איין שעה צייט.

עס טרעפט, אַז מען קאָן זיך פאַרזיכערן אַ וועלט מיט איין ליד, מיט איין אויפריכטיקן אויפטריט!

און אַזאַ איז יעווגעני יעווטושעקאָ מיט זיין ליד „באַבי־יאַר"!

יוסף קערלער / מאָסקווע

# מיין שכנם בחורל

אין מאָסקווע טרעפט אַמאָל: עס ציט זיך אַ רחבותדיק־ברייטע, אַ ראַשיק־באַלעבטע גאַס; אין ער־געץ אין דער זייט פון אַזאַ גאַס שניידט זיך אַוועק אומגעריכט כמעט אַ פּראָווינציעל געסעלע, איינגע־טונקט אין גרינס, אין שאָטן און אין שטילקייט.

אָט איז אַזאַ געסל — צוויי שפּאַן, ווי מען זאָגט, פון דער טומלדיקער סאַדאָווע־סאַמאָטיאָטשנע, אויפן ערשטן שטאָק פון אַ פּאַרצייטיק מויערל, האָב איך געוואוינט. די פענצטער פון מיין צימער פלעגן אַרויס־קוקן אין ריינעם הייפל, וואו צעוואָקסענע ליפּעס האָבן פאַרשיכורט מיט זייער פוכיקן צוויט.

ס'איז געווען ערשט נאָך דער מלחמה, כ'האָב נאָך דאַן נישט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס מיליטערישע כאַקי־העמד, פול געווען מיט אויפטרייסלענדיקע פראָנט־איבערלעבונגען און כ'האָב זשעדנע געשלונגען די פרידלעכע לופט; דאָס אויער איז דורשטיק־אָפן גע־ווען פאַר דער גוטער שטילקייט, און געפרייט האָב איך זיך מיט געוויינלעכער וואַכעדיקייט, אַ פאַרליבטער אין אונדזער שיינער, שעפערישער וועלט...

איינע פון מיינע וואָכעדיקע פריידן איז געווען — אַ שעמעוודיקער קלאַפּ אין טיר פון דינע, כמעט קינ־דערשע פינגערלעך. דאָס איז געווען זשעניאַ — מיין שכנטעס בחורל, אַ לאַנגפּיסיק יאַטל פון אַ יאָר הדרייצן. מיר איז צום האַרצן געווען דאָס נייגעריק־פאַרשאַרפטע פּנימל זיינס, די בלאָנדע פּאַסמע האָר, וואָס איז אָן אויפהער געפאַלן איבער די גרויע, פאַרוואונדערטע אויגן; זיין ענערגישער זשעסט ביים פאַרשאַרן די דאָ־זיקע פּאַסמע האָר אין אַ זייט.

געקומען איז זשעניאַ אָדער נאָך אַ ביכל, אָדער כאַפּן אַ שמועס וועגן דיכטונג, אָדער גאָר פאָרלייענען אייגענע לידער. געלייענט האָט ער מיט היץ און מיט פאַרליבטקייט. אויף די סאַמע פּאַטעטישע הייכן פלעגט זיך אַרויסרייסן אַ קאָמיש קוויטשיקל, ווי ביי אַ יונג הענדל. די לידער זיינען געווען אָנפאַנגעריש־רוי, אָבער זיי האָבן איבערראַשט מיט אוממיטלבאַרער אויפריכטיקייט. צווישן די נישט־געניטע סטראָפן פלעגט זיך דורכרייסן אַ געוואַגט בילד, אַ נאָך נישט געהערטער גראַם, אַ וואונדערלעכע אַליטעראַציע. געשריבן האָט ער דאַן, ווי מיר דוכט זיך, מיינסטנס וועגן ספּאָרט און צייטנווייז אפילו געדרוקט זיך אין דער ספּאָרטיווער פּרעסע פון ראַטנפאַרבאַנד.

דעם אמת געזאָגט, האָב איך זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז דאָס דאָזיקע בחורל וועט אַ יאָר צוועלף שפּעטער ווערן איינער פון די אָפּולערסטע, היינטצייטיקע דיכטער פון אונדזער לאַנד. זיינע לידער־זאַמלונגען ווערן מאָמענטאַל אויספאַרקויפט; די אוידיטאָריעס, וואו ער טרעט אַרויס, זיינען איבערפולט מיט באַגייסטערטע צוהערער. ער איז געוואָרן, קאָן מען זאָגן, דער באַליבטער דיכטער פון דער סאָוועטישער יוגנט.

דערכלייענענדיק די לעצטע פּראַזע, וועלן פיל, מיין איך, זיך אָנשטויסן, אַז דאָ גייט אַ רייד וועגן דיכטער יעוגעני יעווטושענקאָ.

יעווטושענקאָ איז קודם־כל אַ סאָוועטיש־רוסישער דיכטער.

אַ סאָוועטישער, כאָטש ער וואַרפט זיך ווי אַ לייב אויף אַלע אומנאָרמאַלקייטן אין אונדזער לעבן, טאַקע דערפאַר, ווייל ער פאַרשטייט, אַז די דאָזיקע אומנאָרמאַלקייטן זיינען צופעליק אין אונדזער סאָציאַליסטישער ווירקלעכקייט.

אַ רוסישער, כאָטש אים זיינען אַבסאָלוט פרעמד ביזאַנטיש־אַרכאַאישע סטיליזאַציע־דריידלעך. ער קאָן זיין אויסגעצייכנט פאָלקסטימלעך אין זיין פּאָעזיע, אָבער ער איז נישט פאַרשקלאַפט ביי דער פאָלקסטימלעכקייט.

די גרויסע פּאַטערלענדישע מלחמה האָט ער איבערגעלעבט אַלס קינד און ס׳איז פּשוט צו באַוואונדערן די לידער, אין וועלכע עס זיינען אָפּגעשפּיגלט יענע גרויזאַמע יאָרן.

מיר דוכט, אַז זעלטן ווער ס׳האָט מיט אַזאַ אויפריכטיקייט איינגעזאַפּט אין זיך די אומענדלעכע פּיין, די אומהערהערטע ברייטהאַרציקייט און דעם לעגענדאַרן העראָאיזם פונעם רוסישן פאָלק אין יענער צייט.

ס׳פאַרקריצן זיך אין האַרץ און אין זכרון אַזעלכע לידער־פּאָעמעס, ווי „די באַגלייטערין“, „אַרמיי“, „חתונות“, „היימלאַנד“ און צענדליקער אַנדערע.

צווישן זיינע ביז גאָר אינטערעסאַנטע לידער וועגן יוגנט. ליבע, וועגן זיך אַליין, כאַפּט זיך אַמאָל אַריין אַ פאַלשער טאָן, אַן אָנשטעל, אַ מין קאָקעטירן מיט אָריגינעלקייט. אָבער ס׳איז צו גלויבן אַז דאָס זיינען קאַפּריזן פון דער יוגנט.

צי זינגט יעווגעני יעוטושענקאָ וועגן קובאַ, צי וועגן פּאַריז, אומעטום בלייבט ער דער סאָוועטישער פּאַטריאָט און אומעטום פאַרבלייבט ער אַן עכטער רוס, אַ היינטצייטיקער סאָוועטישער רוס. און זעלבסטפאַרשטענדלעך אַלס אַזאַ, איז ער אויך דער זינגער פון פעלקער־פריינטשאַפט, פון פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם.

וועגן דעם קאָן עדות זאָגן איינס פון זיינע לעצטע לידער „באַבי יאַר“.

דוד ספֿאַרד / וואַרשע

# וועגן דעם ליד „באַבי יאַר"

ווי ווערט אַ ליד געבוירן?

צי איז דאָס דער רעזולטאַט פֿון אַ בליץ־אויסברוך פֿון געפֿיל, וועלכער אַנטפּלעקט די וועלט אין נייע פּראָפּאָרצן און אין אַ נייער ליכט, צי פֿאַרקערט, פֿון אַ לענגערן געמיט־צושטאַנד, וועלכער דרינגט אַדורך אַלץ אַרום מיט איינער און דער זעלביקער פֿריידיקער אָדער אומעטיקער מעלאָדיע?

צי קומט עס פֿון אַ פּלוצימדיקן צונויפֿשמעלץ פֿון געדאַנק און עמאָציע אין דער הייסער טעמפּעראַטור פֿון אַ ליידנשאַפֿטלעכער איבערלעבונג, אָדער פֿאַרקערט, פֿון בהדרגהדיקע צוזאַמענשטויסן צווישן די דאָזיקע צוויי באַזונדערע, אָפֿטמאָל זיך קעגנשטעלנדיקע אײַגנשאַפֿטן פֿון מענטשלעכן גייסט?

אָבער וועלכער ס׳זאָל נישט זײַן דער אורשפּרונג פֿון זײַן געבורט — דער תוך און דער זין פֿון זײַן עקזיסטענץ איז דער דראַנג נאָך אמת, אַרויסגעהויבן אין ריטם פֿון אייגענעם בלוט.

בלויז אַזאַ ליד גייט אַריבער פֿון דור צו דור, ווי אַ שטענדיקע באַשולדיקונג, ווי אַ שטענדיקע מאָנונג, ווי אַ שטענדיקע גנאָד. בלויז אַזאַ ליד איז די מאָס פֿון דעם מאָראַלישן כּוח און פֿון דעם געוויסן פֿון אַ פֿאָלק. זײַנע עיקרדיקע קענצייכנס זײַנען: דער אומ־מיטלבאַרער און אויפֿריכטיקער רוף פֿון האַרץ, די פֿאַראַלגעמיינערנדיקע קראַפֿט פֿון פֿאָלקסטימלעכן פּשוטן און קאָנקרעטן וואָרט און, דער עיקר, די געוואַגטקייט — וועלכע איז נישט אָפּצוטיילן פֿון יעדער עכטער קונסט — אָנצוהייבן פֿון זיך.

---

אויסצוגן פֿון אַן אַרטיקל.

„באַבי יאַר" פון יעוו. יעווטושענקאָ איז אַזאַ ליד.

דער דיכטער זעט אין באַבי יאַר דעם לעצטן קאַש־מאַרפולן אַקט פון דער שענדלעכער דראַמע, וואָס הייסט אַנטיסעמיטיזם, און אין וועלכער עס קומט אויף דער טראַגישער גורל פון אַ פאָלק, וועלכער האָט צו זיך קיין גלייכן נישט. ער רופט אַרויס איינינקע געשפּענס־טער פון די פריערדיקע אַקטן: עגיפּטישע קנעכט, גע־קרייציקטע בעלי־חלומות מיט בלוטנדיקע וואונדן, פאַרסמטע, באַשפּיגענע און פאַרהעצטע פּאַטריאָטן, צע־שלאָגענע קינדער ביי דער זייט פון זייערע צעממיתטע מוטערס, צאַרטע מיידלעך, פאַרפּייניקטע פון שכורע פּאָגראָמשטשיקעס און דער גרויליקער עפּילאָג פון דער פינצטערער דראַמע — באַבי יאַר! — — —

ווי אויפגעשטורעמטע כוואַליעס יאָגן די געשפּאַנטע שורות איינע די צווייטע, אָנגעלאָדענע מיט וויטיק, —

מיט גאַליקער סאַטירע, —

מיט דרייסטער באַשולדיקונג קעגן די אויסוואורפן פון זיין אייגן פאָלק, —

מיט באַהאַרצטער, רירנדיקער ליריק, —

און מיט אַ טיף מאָראַלישער, מענטשלעכער און נאַציאָנאַלער אחריות:

קיין יידיש בלוט איז אין מיין בלוט נישטאָ,
נאָר מיט פאַרשטאַרטער שנאה כ'בין פאַרהאַסט
דורך יעדן אַנטיסעמיט,
ווי אַ ייד.
און דערפאַר —
בין איך אַן עכטער רוס!

קיין שום פּאָליטישע, געשיכטלעכע און אפילו לאָ־גישע אַריטמעטיק איז דאָ נישט שייך. ווייל ס'איז פיל מער פון דעם אַלעם. דאָ רעדט דאָס האַרץ און דאָס געוויסן פון פאָלק דורך דעם מויל פון איינעם פון זיינע דיכטער — ווערטער הייסע און לויכטנדיקע, ווערטער דרייסטע און טיף־מענטשלעכע, וועלכע קיין שום צייט־לעכע צוג־ווינטלעך זיינען נישט אימשטאַנד אויסצו־לעשן, אָדער אפילו אָפּצושוואַכן זייער ווירקנדיקע שיין.

ווייל אין זיי און נאָר אין זיי שפּיגלט זיך אָפּ די נשמה פון גרויסן אידישן רוסישן פאָלק, וואָס בויט איצט מיט אַזוי פיל אָנשטרענגונג און קרבנות־גרייטקייט דעם מוסטער פון אַ גליקלעכער און יושרדיקער צוקונפט פאַר דער מענטשהייט, שפּיגלט זיך אָפּ די נשמה פון די, וועלכע זיינען עכטע רוסן.

# חתונות

אַ חתונות מלחמה־צייט,
די שמחה פֿאַלש און הויל,
די כלומרשטע נחמה־רייד —
עס טרעפֿט נישט יעדע קויל.

דורך ווינטער־וועגן מייליקע,
דורך בייזן ווינט און שניי
אויף חתונה אַן איילי‌קער
אין צווייטן דאָרף איך גיי.
איך קום אָן,
אַ באַנומענער
מיט פֿלאַטערדיקן טשוב,
אַ טענצער אַ מפֿורסמער,
אין הוזשענדיקער שטוב.
צעווישן פֿריינד און נאָענטע —
צעטומלט,
בלאַס און מאַט
זיצט אַן אויסגעסטראָיעטער
דער חתן
דער סאָלדאַט.
זיצט מיט זיין כּלה זאָיע ער,
און באַלד אין צוויי־דריי טעג
וועט אין שינעל דעם גרויען ער
צום פֿראָנט שוין זיין אַוועק.
אין פֿרעמדן קאַנט
דעם ווייַטיקן
וועט שפּרייזן מיט געווער,
און פֿון אַ קויל אַ דייטשישער
וועט פֿאַלן אפֿשר ער.

אין גלאָז די משקה שוימיק איז —
ער טרינקט נישט, זיצט און טראַכט.
קאָן זיין, די ערשטע נאַכט שוין איז
פֿאַר זיי די לעצטע נאַכט.
און קוקט ער אַ פֿאַראומערטער

און פול מיט ווייטאָג גאַנץ,
פון טיש צו מיר אַ ברום גיט ער:
„אַ נו, דערלאַנג־זשע, טאַנץ!"

פאַרגעסן איז די סעודה איצט,
מען קוקט נאָר אויפן יונג.
לאָז איך זיך אין רקודה איצט
מיט פּאָדקעווּעשן קלונג.
אָט גיי איך אַ פּריסיאַדקעלע,
אָט דראָבניטשקע איך שיט,
אָט פייף איך, קלאַפּ די פּיאַטקעלעך
און שפּרינג ביז צום סופיט.
פון וואַנט אַ לאָזונג וואַקלט זיך:
„אויף היטלער אַ באַגראָב!"
און ביי דער כלה קייקלען זיך
די טרערעלעך
ווי באָב.
איך בין שוין אַ צעפּלאָשעטער,
איך אָטעם, אָטעם קוים.
„נאָר ווייטער טאַנץ!"
האָלאָסעט מען.
און ווידער טאַנץ איך שוין...

די פּיאַטעס ווי צעפּאַסעוועט —
נאָר ווי איך קום אַהיים,
שוין אויף אַ נייער חתונה
מען רופט מיך
ווידער גיין.
עס לאָזט מיך אָפּ די מאַמעשי —
און ווידער ביי אַ טיש,
אויף חתונות מלחמהשע
איך וואַרף די מידע פיס.
די כלה כליפּעט ביטערלעך,
אַ טרער זיך יעדער ווישט.
מיר טאַנצט זיך נישט.
אַזש ציטער איך.
נאָר גיי פּרוביר —
טאַנץ נ י ש ט!

# די באָבע

איך בלעטער דורך פון יענע יאָרן אָפּט די לוחות,
ווען מיט דערוואַרטונג נאָר האָט יעדעס הויז וויברירט:
פון איין־און־פערציקסטן די שווערע זאַווערוכעס
אויף אונדזער קליינער ווייטער סטאַנציע אין סיביר.
דאָס לעבן האָט מיך נישט געקאָרמעט מיט קיין מאַנע.
פאַרפרוירן פלעג איך אין די אָטשערעדן שטיין.
מלחמה איז געווען
און אויפן פראָנט די מאַמע,
מיר האָבן מיט דער באָבעשי געוואוינט אַליין.
די פּאָרזיצערין פון סאָוועט אין אונדזער שטעטל
איז זי געווען, אַלעמען אין אָרט באַקאַנט
אין איר פאַטשיילע
און די מענערשע שטיבלעטן,
אין דער וואַטאָווקע,
מיט אַ פּאַפּקע אין דער האַנט.
פאַר אַלדאָס שלעכטס אויף וועלט אחריות פלעגט זי
שפּירן,
און אָפּט דערציילן מיר מיט צאָרן און מיט צער
פון ווייס איך וואָסערע געכאַפּטע דעזערטירן,
פון די וואָס גנבענען די תבואה אין אַמבאַר.
און נישט אומזיסט פון אירע ווערטער האַרטע, טערפּקע
פלעגט איינציען דעם קאָפּ און שאָקלען גיך אויף „יאָ“
דער שכן, וואָס פלעגט גיין געהיים צומאָל אין צערקווע,
דער בוכהאַלטער, דער שיכור, פון „זאַגאָטסיריאָ“.
צומאָל נאָר, זעלטן,
פלעגט זי אין מינוטן פרייע
ביים שפּאַלטן האָלץ
זכרונות געבן אַ באַלעב...

דאַן פלעגט זיך אויסזעצן די זימענסקע חבריה,
מיר קליינע יאַטלעך מיט קאָסמאַטע ווילדע קעפּ.
און זי האָט אונדז דערציילט מיט פריידן, ווייטיק, ליבע,
מיט אומרואיקער ווייטקייט אינעם בליק צעשיינט,
פון שטרייקן,
בלעטלעך, סכאָדקעס,
אומלעגאַלע שטיבער,
פון תפיסות, פון דערשאָסענע חברים, פריינד.
די וויוגע האָט געקלאַפּט אין שויב, געפּויקט אין טויער,
נאָר זי אַרונטערנעמען פלעגט די האָרנבריל,
און פון דער שלאַכט דער הייליקער,
וואָס איז דער גורל,
פאַר אונדז, פאַרגאַפטע, שטילע
זינגען אין דער שטיל,
מיר פלעגן אונטערזינגען
און מיט בליקן בלאַנקע
זיך רייסן אין דער ווייט — אַ קליינוואַרג אַ
פאַרשייטס —

די קינדער זינגען אין סיביר די „וואַרשאַוויאַנקע"
און ס'לויפט פון מאָסקווע
אויף צוריק, צוריק
דער דייטש...

# אין קאַמף פֿאַר סאָוועטישער מאַכט

דו גייסט זיך און בליקסט אַזוי זייטיק,
געלאַנגווייליקט, קרום אויף דער וועלט;
און אַלץ איז דיר שלעכט, אומבאַדייטיק,
און גאָרנישט דיר מערער געפֿעלט.
דו קוקסט אויף דער יוגנט פֿון אויבן:
„נאַר פּאָזע, וועז עמעץ זיך היצט!"
איך ווייס, אין וואָס דו ווילסט נישט גלויבן,
אין וואָס־זשע דען גלויבסטו, זאָג איצט!

דו זיפֿצסט רק: „נישטאָ קיין ראָמאַנטיק...
ווי שיין איז געווען אויפֿן פֿערד
מיט פֿענער צעפּורפּורט און בראַנדיק
זיך טראָגן אַריבער דער ערד
און פֿאַלן אויף ליאַדער לעוואַדע
אין לעצטער אַנטשיידיקער שלאַכט,
מיט ליד וועגן ווייטער גרענאַדע,
אין קאַמף פֿאַר סאָוועטישער מאַכט..."

נו, וואָס־זשע, באַטראַכטן אַוודאי
מען דאַרף דיינע קלינגיקע רייד:
צו שטאַרבן ביסט גרייט פֿאַר גרענאַדע?
צו לעבן, דו, זיי פֿאַר איר גרייט!
דו ביסט מיט דיין צייט נישט צופֿרידן,
געפֿינסט אין דעם היינט נישט קיין פּלאַם —
געדענקסט, ווי מען האָט ערשט פֿאַרטריבן
פֿון אַרבעט אַן ערלעכן מאַן?!
דו האָסט עס געזען — און געשוויגן —
ווי מ'האָט דאָרט אַ בלבול באַנוצט,
געמאַכט פֿון דעם אמת אַ ליגן
און ליגן אין אמת פֿאַרפּוצט.
„זיך אַננעמען? אָ, צו געפּערלעך..."

און בייז, וואָס דיין ווילן איז שוואַך,
דו האָסט נישט געקעמפט, הייסט עס, ערלעך
פֿאַר אונדזער סאָוועטישער מאַכט.
ס'איז נישט צו דיין כבוד, משמעות,
פֿאַרגלייכן די ריכּד און די טאַט...
איז איין מאָל געווען דען אַזוי עס?
בלויז איין מאָל קיין מוט נישט געהאַט?

אויף איך זע ביי זיך אין נשמה:
ווי ווייניק געטאָן כ'האָב אין פּלוג.
צומאָל נישט קיין פּחדן, מסתמא,
נאָר פֿאָרט נאָך נישט מוטיק גענוג.
די דאָזיקע שולד בין איך מודה,
און ווידער און ווידער איך מיין:
פֿון לעבן פֿאַרשטיי איך דעם סדר,
אַזוי ווי מען דאַרף אים פֿאַרשטיין.
און אויב נישט „אין בלייענעם וויכער",
און נישט „אין אַ שטורמישן רייט",
אין פּשוטן בעט פֿון אַ בירגער
כ'וועל שטאַרבן, אַן רעש, צו דער צייט, —
דאַן וואָלט איך געוואָלט, אַז ביים אָרון
זאָל יעדערער געבן אַ טראַכט:
„מיר האָבן אַ חבר פֿאַרלאָרן
אין קאַמף פֿאַר סאָוועטישער מאַכט".

**
*

פון דער יוגנט די וויכוחים,
אָ, דאָס ווילדווילדיקע זוכן,
אָ, די אָוונטן צוזאַם!
דער גיהנומשער גערודער,
אויף די טעצלעך אַש אַ הרודע,
און דער סידער צו דער סעודה
מיטן רויג פון באַקלאַזשאַן.

נישט קיין פּוסטע רייד גערעדטע.
אַ סאָליסט פון אָפּערעטע
און אַ סקולפּטאָר אין באַסקעטן
שרייען, מיט אַ וואורשט אין האַנט.
רעדט פּאַררייסן, ווי אַ ריכטער,
מיט אַ גריוועע אַ געדיכטער,
אַ סטודענטקע נאָכאַנאַנד.

זינגט מען אונטער פּיאַנאָ־טאַקטן,
קנאַקט דער דיל און טאַנצן האַקט מען,
פון מלכים, אָדם־נאַקעט,
קאַכט מען אויס פּאַרשייט דאָס קלייד.
וויפל דעות און אידייעס
וועגן נעכטיקע קאָלייעס
און ווי רוסלאַנד איצטער גייט.

גליקלעך, שטורמיש אָטעמט יעדער
ביז אין נאַכט אַריין אין שפּעטער.
דוכט זיך אויס, אַ שפּיל נאָר סהם:
נאָר ניט סתם מיר דאָ זיך היצן,
נישט אומזיסט מען שיט מיט וויצן,
און די בלאַסע סידערס שפּריצן,
ווען מיט ברויט ביים טיש מיר זיצן
און מיט רויג פון באַקלאַזשאַן.

**
*

אָ, וויפל זיינען דאָ, וואָס זאָגן מיט אַ שמייכל:
„אַוודאי, ווער־זשע ווייסט נישט,
אַז ער האָט טאַלענט.
נאָר יונג איז ער,
צו יונג,
און ס׳פעלט דערפאַר איבּ שכל;
טאָ וואָס־זשע איילט ער זיך אַזוי, ווי ס׳וואָלט געברענט״.

מען שאָקלט מיטן קאָפּ, באַדויערט:
„יאָ, די יוגנט,
זי וויל וואָס גיכער נאָר
אַרויסשפּרינגען פון אַקס.
באַוויזן זיך מען וויל וואָס פריער פאַר אַ קלוגן...״
נאָר דו, זאָלסט זיי בלויז האָרכן,
נישט געהאָרכן —
וואַקס!

לויט דיין טאַלענט און נישט לויט דיינע יאָרן גרויס זיך!
אפילו אויב דער אונטערשייד די אויגן שטעכט.
דו שרעק זיך נישט,
צו זיין אַ יונגער און פאַרויסיק.
צו זיין אַ יונגער און פאַרשפּעטיקט —
דאָס איז שלעכט.

טאָ לאָז די חוזק־שמייכלען כפלען זיך ביי לייטן.
דו וואַקס —
און האָב קיין מורא נישט פאַר זייער דין.
דו וואַקס,
כל־זמן דו וועסט נאָך קאָנען וואַקסן ווייטער!
דו איל זיך, איל,
כל־זמן ס׳איז ווייטער דאָ וואוהין!

***

דער פּענצטער גייט אַרויס אויף ווייסע ביימער.
דער פּראָפעסאָר לאַנג קוקט אויף די ביימער:
יאָ, זייער לאַנג ער קוקט אַלץ אויף די ביימער
און בריעקלט זייער לאַנג אין האַנט די קרייד.
נו יאָ, ווי פּשוט איז
דער כּלל פון טיילער,
און ער פאַרגעסן האָט
דעם כּלל פון טיילער,
פאַרגעסן —
שטעלט איך פאַר —
דעם כּלל פון טיילער!
אַ טעות אויפן שוואַרצן טאָוול שרייט!

מיר האָרכן און מיר קוקן היינט נישט לעקיש.
געוויס, מיר קאָנען גאָרנישט היינט זיין לעקיש,
און אונטערזאָגן דאַרף מען אונדז עס קוים:
מיר ווייסן, דעם פּראָפעסאָרס פרוי אַוועק איז
מיר ווייסן נישט,
וואוהין די פרוי אַוועק איז,
מיר ווייסן נישט,
פאַרוואָס די פרוי אַוועק איז,
מיר ווייסן בלויז, זי איז אַוועק און שוין.

אין אַנצוג דעם אַלטמאָדישן און אַלטן,
ווי תּמיד אין אַלטמאָדישן און אַלטן,
דער פּראָפעסאָר גייט אַראָפּ אין גאַרדעראָב,
און זוכט דאָרט לאַנג דעם נומער פון זיין פּאַלטן:
„וואו האָב איך אים
דעם נומער פונעם פּאַלטן?

צי אפשר
האָב איך גאָר קיין נומער נישט פון פאַלטן?״
ער רייבט דעם שטערן:
„וואו האָב איך דעם קאָפּ,

אָט איז ער.
נו, מען זעט,
ווען אַלט ווערט איינער,

אַ, רעדט נישט, טיאָטיע־מאַשע,
יאָ, ווען אַלט ווערט איינער,
וואָס זאָל מען, נעבעך, טאָן,
ווען אַלט ווערט איינער...״

מיר הערן,
ווי ס׳דערלאַנגט אַ סקריפּ די טיר.
דער פענצטער גייט אַרויס אויף ווייסע ביימער,
אויף אָט־די גרויסע און די שיינע ביימער,
נאָר איצטער מער נישט אויף די ווייסע ביימער,
אויף דעם פּראָפעסאָר, שטומע, קוקן מיר.

ער גייט דאָרט
איינגעבויגן
און פאַרלאָרן,
אין גאַנצן אומבאַהאָלפן און פאַרלאָרן,
איך וואָלט געזאָגט,
פאַרמאַטערט און פאַרלאָרן,
אין וויכן שניי, וואָס פאַלט, אין שטילן שניי.
אָט איז ער ווי די ביימער ווייס געוואָרן,
ווי אָט די
ווייסע ביימער
ווייס געוואָרן,
אַז נאָך אַ טריט —
און גאַנצן ווייס געוואָרן,
מען קאָן אים מער נישט זען צעווישן זיי.

# די ריטער פון אינערציע

געבליבן זיינען זיי, ווי חפצים, פונקט די זעלבע;
פרוביר דאָס נייע זיי אַריינקלאַפּן — וועסט זען:
פון אויסן זיינען זיי שוין כלומרשט נישט אַזעלכע,
פון אינעווייניק — אַקוראַט נאָך ווי געווען.

זיי איילן זיך נישט צו פאַרשטיין, אַז עפּעס ניי איז,
צי ריכטיקער געזאָגט, זיי ווילן נישט פאַרשטיין;
און אין פאַרראָסטן פאַנצער פון די אַלטע ראיות
זיי פּרואוון נאַריש ווייטער נאָך צו בלישטשען שיין.

איך זע, ווי זייער מצב שווער איז בנאמנות,
ווי זייער טרחה לכתחילה איז אָן ווערט —
ווען איר רייען
שליסט שוין ענגער
די פּחדנות
און קעגן דער גערעכטער דריסטיקייט זיך ווערט.

די פערדלעך זייערע שוין אַלט
און אָפּגעקראָכן,
נישטאָ מער די מאַניערן פון די גוטע טעג;
ווייזט־אויס, עס האַלט ביי זיי גאָר שמאָל מיט דער
מערכה,
אויב שלאַכטן אָפענע זיי מיידן־אויס מיט שרעק.

# קאָמסאָמאָליש

(פונעם פילם „אויף די גראָפסקע חורבות״)

מיר זיינען מיט די טאַטעס אויך געווען אויף פראָנטן,
אין דאָנער סטעפּ, צי אויף קראַנשטאַדטער אייז.
פאַרוואָר :
אין וועלכן יאָר מיר זיינען נישט געבוירן — קאָנטיק,
געבוירן זיינען מיר אין זיבעצנטן יאָר.

מיר האָבן אין טעפּלושקעס ענגע אויך געזעצט זיך ;
אַ שפּיז פּלעגט געבן אין אַ קעסעלע אַ האַק.
און ס׳פּלעגן אַלטיטשקע צום צוג אונדז ברענגען
פּלעצלעך
און ווייַנענדיק, זיי שטופּן אין סאָלדאַטסקן זאַק.

אין דער סיבירער טאַיגע, אין כערסאָנער סטעפּעס
די נעמען זיינען אונדזערע אין שטיין פאַרקריצט.
פאַרביי שוין יאָרן, נאָר אַלץ אָפטער דוכט זיך עפּעס,
עס איז דער בירגער־קריג נאָך נישט פאַרביי ביז איצט.

מיר זעצן זיך נאָך אַלץ אין די טעפּלושקעס ענגע,
און ווידער גיט אין קעסעלעך דער שפּיז אַ האַק.
און אַלטיטשקע באַגלייטן אונדז אויפסניי און ברענגען
אַ פּלעצל, וואָס זיי שטופּן אין סאָלדאַטסקן זאַק.

# אַ שמועס מיט דער רעוואָלוציע

כ׳האָב מורא,
אַז שטאַרק אַ פּאַרטאַנענער,
אין כּלערליי זאַכן פאַרגאַפט,
איך גיין אין דער לופטן שוין קאָן ניט מער,
כ׳באַזיג ניט
די צוציאונג־קראַפט.

די רויטע אָטריאַדן צעוויכערטע,
אין רויך פון געפּאַנצערטן צוג,
פון אויבן,
פּאַר לופּעס באַנדיטישע
עס זינגט דער טריפּאָליער קאַמיוג.

ווי ווילט זיך נישט שטאַרבן, בנאמנות נישט, —
נאָר העכער דאָס זינגען אַלץ ווערט.
און עס ענטפערן אָפּ
קראַסנאָדאָנישע
די שטימען
פון אונטער דער ערד.

אויך איך וויל
מיט וואָפן
באַנוצן זיך —
כ׳בין אויך שוין אַ יונגער.
ס׳איז צייט.

און ס׳בייגט זיך אָן
די רעוואָלוציע
צום קאָפּ, וועלכער פלאַקערט פאַרשייט.

און זאָגט מיר דאָס פּשוטע, נייטיקע:
„נו, פּעדער זיך,
חבר,
דאַרפסט גיין.
נאָר בעט נישט כלי־זין קיין גרייטן דיר,
כלי־זין פאַרשאַף זיך אַליין!“

כ׳שטיי אויף,
כ׳וועל אויסהאַלטן,
סטאַיענען,
נישט בייגנדיק זיך
און נישט באַנג,
אָן וואָפן —
איך וועל נאָך כלי־זין גיין,
אָן פריינד —
זוך איך פריינד מיר אין גאַנג!

דער היימישלעך־לעבלעכער פּייכטיקייט,
דער צייט, וועלכע אַלץ ווישט אַראָפּ,
דער ניבזיק־מעשטשאַנישער זאַטיקייט
די רעוואָלוציע
גיב
איך נישט אָפּ!

# ז י י ג ע ר ס

(פון ציקל ליבע־לידער)

דו זאָגסט:

„מען וועט באַלד דאָרט דעם ריגל פאַררוקן.
די שכנים זיך שרעקן. כ׳מוז גיין שוין. וואָס טאָן...״
די גליקלעכע —
זיי אויפן זייגער
נישט קוקן.
דער זייגער
די גליקלעכע
קוקט אָבער אָן.
אַ זייגער ביים סקווער.
און אַ זייגער ביים קינאָ.
די צייט זיך,
מיט טריטעלעך
שאַרכנדיק, שאַרט.
די מענטשן־הענט האָט זי
מיט רימענדלעך דינע
אַרומגעכאַפּט האַפּטיק, פאַרביסן און האַרט.

אַ זייגער אַ פרעמדער
איז שלעכט און איז שעדלעך.
מיין זייגער ער גייט נישט. דערפאַר איז ער גוט.
קומט עמעצער פרעגט מיך:
„צי איז טאַקע שפּעטלעך?״
איך ענטפער:
„נישט זייער מיט נאָך פינף מינוט!״
די טענות פון דיר
זיינען קאָמיש, נישט־וויכטיק.
איך זע אין דיין בליק,
דו וועסט בלייבן שוין דאָ.
אַ זייגער אַ פרעמדער גייט שטענדיק נישט ריכטיק.
אַ זייגער אַ פרעמדן מען פרעגט נישט די שעה.

**
*

די פחדנים האָבן נישט קיין סך אופנים.
דורך בלויזן שווייגן ווערט מען נישט קיין לייט.
און דרייסטע
צוליב פאַרזיכטיקייט־טעמים
זיי מוזן איצטער זיין פון צייט צו צייט.
און נאָטערס קוואַפּען זיך אויף אָדלער, פליער,
און שפּירנדיק די נייע קאָניונקטור,
עס פּאַסט זיך צו, ווי צו דעם שקר פּריער,
צו דרייסטקייט זייער צופּאַסונג־נאַטור.



יעווגעני יעווטושענקאָ (צייכענונג)

# קנאה

איך בין מקנא.
אָט־דעם סוד
האָב איך קיינעם פריער ניט אַנטדעקט.
איך ווייס,
אַז ערגעץ אַ יינגל איז פאַראַנען,
און איך בין אים שטאַרק מקנא.
מקנא בין איך אים,
ווי ער שלאָגט זיך, —
אַזוי תמימותדיק און דרייסט בין איך ניט געווען.
כ'בין אים מקנא,
ווי ער לאַכט, —
איך אין מיין קינדהייט האָב לאַכן אַזוי ניט געקענט.
אָפּגעריסן־אָפּגעשליסן גייט ער אַרום —
אין מלבושים גאַנצע בין איך תמיד, פיין־פאַרקעמט.
די אַלע ערטער,
וואָס דורכגעלאָזט כ'האָב אין ביכער,
וועט ער ניט דורכלאָזן.
אויך דאָ איז ער מער זיכער.
מוטיק וועט ער זיין און ערלעך,
קעמפן פאַר אמת און גוטסקייט, אויך וואו געפערלעך,
און דאָרט, וואו איך האָב די פען געוואָרפן:
„עס לוינט ניט...״ —
זאָגט ער מיט וואָרט מיט שאַרפן:
„עס לוינט״ —
און נעמט די פען.
ער, אַז ער צעשפּנט ניט דעם קנופּ,
צעהאַקט ער אים,
וואו איך צעשפּן ניט דעם קנופּ,
צעהאַק איך אים ניט.

ער, אַז ער וועט זיך פֿאַרליבן,
וועט ער ניט אויפֿהערן ליבן,
און איך, אַז כ׳וועל זיך פֿאַרליבן,
וועל אויפֿהערן ליבן.
כ׳וועל די קנאה באַהאַלטן,
כ׳וועל שמייכלען.
כ׳וועל זיך מאַכן פֿאַר אַ תּם:
„עמיצער דאַרף דאָך שמייכלען,
עמיצער דאַרף דאָך לעבן ניט אַזוי־אָ...״
נאָר וויפֿל איך זאָל זיך דאָס ניט זאָגן,
טענה׳ן:
„יעדער האָט זיין גורל...״,
פֿאַרגעסן קאָן איך ניט, אַז ערגעץ
אַ ייִנגל איז פֿאַראַן,
וואָס הערשלאָגן וועט זיך מער, ווי איך.

# פליגל

דער מוטערס וואָרט פֿאַרהערט, פֿאַרפּעלט,
אין רויש פֿון שטאָט האָט זיך געשטעלט
ביים ראַנד פֿון דאַך אַ פֿויגל־זון,
פֿאַר אים צעשפּרייט — דער הימל און די זון.
זאָל זיין, ער איז אין הימל קיינמאָל ניט געווען,
דער הימל אָבער רופֿט צו רוימען —
ווער ס'האָט פֿון געבורט דעם הימל געזען,
דער מוז פֿון הימל טרוימען.
געהופֿן האָט הימל מיט וועסנע־בלוי,
מיט ווינט אין טרומייט געבלאָזן,
נאָר ווי אַזוי ווערט מען אַזאַ גיבור, ווי אַזוי,
צו אים אַזוי הויך
אין וועג
זיך צו לאָזן ? !
אים דוכט, ער איז פֿאַר דעם צו־שוואַך,
נאָר אָט : ער זעט, ווי אויף דער וואַך,
די ברידער פייגל, הימל־ברידער, טויכן,
פֿון די הייזער
שוועבן
צו די בלויע הויכן.
כמעט צו זון זיי זיינען צוגעקומען,
מיט וועג מיט גלייכן זיי שוועבן,
און ער איז געשטאַנען,
ניט באַנומען,
אַז אויך אים זיינען פליגל געגעבן.
און פּלוצים,
יעדן צווייפל באַזיגט,
מיט דרייסט אומגעריכטן אין די אויגן,
נאָך ניט ווויסנדיק די קראַפֿט פֿון פליגל,
האָט ער אין זיי געגלויבט —
און איז אַרויפגעפלויגן !

# איז געליבטע מיינע געקומען

איז געליבטע מיינע געקומען,
מיט אירע הענט מיך אַרומגענומען,
אַלץ וואָס אין מיר געענדערט — באַנומען,
געאַנט אַלע מיינע אַרומען.
פון שטראָמען טונקעלע, פון נעפלען געדיכטע,
דאָס טירל פון טאַקסי געלאָזט אָפן,
איבערן גאַניקל דעם פייכטן איז זי געלאָפן,
אַ גליענדע פון בענקשאַפט און פרייד, אַן אומגעריכטע.
אַ דורכגעווייקטע, אַ שטילע, לויפט זי אַריין,
נעמט מיין קאָפּ אין אירע הענט — צוויי שטראַלן שיין,
דער בלויער מאַנטל גליטשט זיך פון שטול אַרונטער
אויפן דיל — אַזוי פרייִדיק, אַזוי מונטער...

# דו ביסט פֿאַר מיר

דו ביסט פֿאַר מיר
אַלע זייטן פֿיר,
כ'האָב דיך ליב ווייט,
הויך און ברייט.
כ'האָב דיך ליב מיט גאָר דער ערד,
מיט דער גאַנצער הויך.
מיט יעדן שאָרך האָב איך דיך דערהערט,
און מיט יעדער שטילקייט — אויך.
האָסט מיך גענומען גאָר אײַנגאַנצן.
פֿון הײַנט־אָן — איך פֿאַרשרײַב —
ביסט דו און די „זימאַ"־סטאַנציע
מיר ליב ווי מײַן אייגן לײַב.
מיט איר ביסטו אַ גוטע משפּחה,
אַן אמתער מזל־ברכה —
אין איר בין איך האָך געבוירן,
איר און דיר ליבע געשוואוירן.

# די מלכה שיינהייט

אוי, אַ נאַכט — אַלץ קידער־ווידער,
אַלע אויפן פּלאַץ אַרויס,
אין סאַנטיאַגאָ טענץ און לידער.
מ׳קלייבט די מלכה שיינהייט אויס.
ס׳קומט אינדרויסן פאַר די פייערונג,
אונטער הימל, גלאַט אַזוי,
בלומען פלאַקערן, ווי פייערן,
שטערן פאַלן דאָ, ווי טוי.
קליידלעך שמאָלע, ברייטע, ברייטערע,
אָ, געהיימניספולער גאַנג...
די בת־מלכהס גייען פרייליכע
מיט מוזיק און מיט געזאַנג.
זייער צאָל איז אָן אַ רעכענונג,
שלעפּט דער שטראָם מיך מיט געוואַלד,
ס׳איז אַ וואונדערלעכע צייכענונג
פון אַ טאַנצנדיקן וואַלד.
כ׳קוק און קאָן מיין אויג ניט זעטיקן,
אויסגעשניצט און אָפּגעטאָקט
זיינען פיס געפּוצטע, מעשענע,
ווי לבנה ערב טאָג.
ווער וועט זיין די אויסגעקליבענע?
אפשר די, וואָס טאַנצט צום טאַקט?
אפשר די מיטן ריפטל לימענע
אונטער דער לילאָווער באַק?
מיידלעך, איר געפעלט מיר אַלע,
נאָר פון אַלע איינע נאָר
איז מיין אויסדערוויילטע כלה,

ס'איז ניטאָ צו איר קיין פּאָר.
זי — אין קאָנקורס קיין באַטייליקטע,
אָן אַ גילדענעם בראַסלעט.
ניט קיין געטין, ניט קיין הייליקע,
אויף דער זייט אַ פּיסטאָלעט
איז איר גאַנצע אַמוניציע.
אין אַ פּשוט לייכטן קלייד,
סעניאָריטע רעוואָלוציע
איבער אַלע גאַסן גייט.
איז פאַראַן דען וואָס זיך חידושן,
ווען איך גיב צום סוף נאָך צו:
רעוואָלוציע קובינישע —
מלכה שיינהייט — דאָס ביסטו.

# Бабий Яр

Над Бабьим Яром памятников нет.
Крутой обрыв, как грубое надгробье.
Мне страшно.
Мне сегодня столько лет,
как самому еврейскому народу.
Мне кажется сейчас —
я иудей.
Вот я бреду по древнему Египту.
А вот я, на кресте распятый, гибну,
и до сих пор на мне — следы гвоздей
Мне кажется, что Дрейфус —
это я.
Мещанство —
мой доносчик и судья.
Я за решеткой.
Я попал в кольцо.
Затравленный,
оплеванный,
оболганный.
И дамочки с брюссельскими оборками
визжа, зонтами тычут мне в лицо.
Мне кажется —
я мальчик в Белостоке.
Кровь льется, растекаясь по полам.
Бесчинствуют вожди трактирной
стойки
и пахнут водкой с луком пополам.
Я, сапогом отброшенный, бессилен.
Напрасно я погромщиков молю.
Под гогот:
«Бей жидов, спасай Россию!»
Лабазник избивает мать мою.
О, русский мой народ!
Я знаю —
ты
по сущности интернационален.
Но часто те, чьи руки нечисты,
твоим чистейшим именем бряцали.
Я знаю доброту моей земли.
Как подло,
что, и жилочкой не дрогнув,
антисемиты пышно нарекли
себя «Союзом русского народа»!

Мне кажется —
я — это Анна Франк,
прозрачная,
как веточка в апреле.
И я люблю.
И мне не надо фраз.
Мне надо,
чтоб друг в друга мы смотрели.
Как мало можно видеть,
обонять!
Нельзя нам листьев
и нельзя нам неба.
Но можно очень много —
это нежно
Друг друга в темной комнате обнять.
Сюда идут?
Не бойся — это гулы
самой весны —
она сюда идет.
Иди ко мне.
Дай мне скорее губы.
Ломают дверь?
Нет — это ледоход...

Над Бабьим Яром шелест диких трав.
Деревья смотрят грозно,
по-судейски.
Все молча здесь кричит,
и, шапку сняв,
я чувствую,
как медленно седею.
И сам я,
как сплошной беззвучный крик,
над тысячами тысяч погребенных.
Я —
каждый здесь расстрелянный
старик.
Я —
каждый здесь расстрелянный
ребенок.
Ничто во мне
про это не забудет!
«Интернационал»
пусть прогремит,
когда навеки похоронен будет
последний на земле антисемит.
Еврейской крови нет в крови моей.
Но ненавистен злобой заскорузлой
я всем антисемитам,
как еврей.
И потому —
я настоящий русский!

# באַבי יאַר

אין באַבי־יאַר איז קיין דענקמאָל נישט פאַראַן
אַ שטראָמער אָפּריס, ווי אַ רויער שטיין.

אַ גרויל מיך נעמט אַרום. כ׳האָב היינט אַזוי פיל יאָר,
ווי ס׳יידיש פאָלק אַליין.
מיר דוכט זיך איצט — איך בין אַ ייד.

אָט וואַנדער איך אַרום אין פאַרצייטישן עגיפּטן.
און אָט, צוגענאָגלט צו דעם קרייץ, כ׳קום אין ליידן אום
און טראָג אויף זיך ביז איצט די צייכנס פון דער וואונד.
מיר דוכט, אַז דרייפוס — דאָס בין איך.
דאָס בירגערטום — מיין מסור און מיין ריכטער אין
אײן צייט.
הינטער קראַטעס כ׳זיץ, פאַרפּלאָנטערט אין אַ נעץ.
פאַרסמט, באַשפּיגן און פאַרהעצט.
און דאַמעלעך אין בריסעלער פאַלבאַנעס
מיך שטורכען, פּישטשענדיק, מיט שירעמס אין געזיכט.

מיר דוכט — איך בין אַ ייִנגל נאָך אין ביאַליסטאָק.
עס גיסט זיך בלוט, צעפליסנדיק אויף דילן.
עס ווילדעווען די הער׳שער פון די שענקען
און ס׳טראָגט פון זיי מיט בראָנפן און מיט ציבל.
אָפּגעשליידערט מיט אַ שטיוול, כ׳בין אָנמעכטיק.
אומזיסט ביי די פּאָגראָמשטשיקעס איך בעט זיך.
הירזשענדיק צוזאַמען: „בעי זשידאָוו, ספּאַסאַי
ראָסיאו!“
אַ תבואה־הענדלער קאַטעוועט מיין מאַמען.

אָ, רוסיש פאָלק מיינס! איך ווייס — דו
ביסט אינטערנאַציאָנאַל אין דיין נשמה,
נאָר וועמענס הענט עס זיינען אומריין,
האָבן אָפט געקלונגען מיט דיין ריינסטן נאָמען.
איך קען די גוטסקייט פון מיין ערד, ווי נידערטרעכטיק,
וואָס נישט טוענדיק קיין ציטער מיט דער ברעם,
האָבן די אַנטיסעמיטן אומפאַרשעמט
„פאַרבאַנד פון רוסיש פאָלק“ גענאַנט זיך.

מיר דוכט — איך בין אַנאַ פראַנק.
אַ דורכזיכטיקע, ווי אַ צווייג אין אַפּריל.
און כ׳בין פאַרליבט, און כ׳דאַרף קיין פראַזעס נישט.
איך דאַרף, אַז איינער אינעם צווייטן זאָלן זיין פארקוקט.
ווי ווייניק איז געגעבן אונדז צו זען, צו שפּירן!
פאַרבאָטן זיינען אונדז די בלעטער און פאַרבאָטן איז דער הימל.
נאָר מען קאָן נאָך זייער פיל — דאָס איז צערטלעך —
איינער צו דעם צווייטן אין אַ פינצטער צימער זיך צוטוליען.
מע גייט אַהער? נישט שרעק זיך — דאָס זיינען די גערוישן
פון דער ווּעסנע זעלבסט — זי גייט אַהער.
קום צו מיר, גיב מיר שנעלער דיינע ליפּן.
מע ברעכט די טיר? ניין — דאָס פּלאַצט אַזוי דאָס אייז שוין...

איבער באַבי־יאַר רוישן ווילדע גראָזן.
ביימער קוקן דראָענדיק, ווי ריכטער.
אַלץ, שווייגנדיק, דאָ שרייט, און, אַנטבלויזנדיק דעם קאָפּ,
איך פיל, ווי כ׳ווער פּאַמעלעך גרוי.
און כ׳בין אַליין, ווי בלויז אַ שטום געשריי,
אויף די טויזנטער און טויזנטער באַגראָבענע.
כ׳בין — יעדער צעשאָסענער דאָ גרייז.
כ׳בין — יעדעס צעשאָסענע דאָ קינד.
דאָס גאַנצע וועזן מיינס וועט דאָס קיינמאָל נישט פאַרגעסן!

פון „אינטערנאַציאָנאַל“ דאָס ליד זאָל אַ דונער טאָן,
ווען אויף אייביק וועט באַגראָבן זיין
דער לעצטער אויף דער ערד אַנטיסעמיט.

קיין ייִדיש בלוט איז אין מיין בלוט נישטאָ,
נאָר מיט פאַרשטאַרטער שנאה כ׳בין פאַרהאַסט
דורך יעדן אַנטיסעמיט, ווי אַ ייִד.
און דערפאַר — בין איך אַן עכטער רוס!

# באַבי יאַר

קיין דענקמאָל איז נישטאָ אין באַבי־יאַר,
דער אָפּריס ערד זעט אויס ווי אַ מצבה.
ווי ס'יידיש פאָלק כ'ווער אַלט פון גרויל און צער —
צוויי טויזנט יאָר מיר ווערט ביי אָט־דעם קבר.

מיר דוכט זיך אויס, אַז איך בין דאָס דער ייד,
אַז דורך דעם אוראַלטן מצרים כ'וואָגל,
אַז מיינע וואונדן פון די טשעוועקעס נאָגן, —
דאָס האָט מען מיך צום צלם צוגעשמידט.

מיר דוכט זיך אויס, אַז דרייפוס דאָס בין איך.
די מוסרים שטעלן מיך פאַר געריכט.

אָט בין איך הינטער גראַטעס, מיינע שונאים
רייצן מיך,
באַשפּייען
און באַליידיקן
און פרעכע דאַמעלעך מיט נייגער פרעדיקן,
שטופּן מיט די שירעמס מיר אין פּנים.

מיר דוכט, איך בין אַ קינד פון ביאַליסטאָק,
איך כאַפּ אַ זעץ און קאָרטשע זיך אין קראַמפּן.
פון די צעיושעטע שיכורים טראָגט
אַ מין געשטאַנק פון קנאָבל און פון בראָנפן.

אָט האָט אַ וואָרף געטאָן זיך אויף מיין מוטער
אַ זשלאָב אַ פינצטערער, אַ ווילדע בריאה.
און ווי אַריין אין זיי וואָלט דער נישט־גוטער —
זיי שרייען: „בעי זשידאָוו, ספּאַסיי ראָסיאו".

מיין רוסיש פאָלק, ביסט אינטערנאַציאָנאַל,
נאָר די, וואָס פלעגן מאַכן די פּאָגראָמען,
פלעגן שמוציק האַנדלען, ווי דער כלל,
מיט דיין שיינעם, זויבער־ריינעם נאָמען.

כ׳קען אויסגעצייכנט זי, מײַן גוטע ערד.
אַזאַ מין חוצפּה, ס׳איז דאָך אומגעהערט, —
„פֿאַרבאַנד פֿון פֿאָלק פֿון רוסישן" זיך האָבן
אָנגערופֿן הויך די יודאָפֿאָבן.

מיר דוכט זיך אויס, אַז איך בין אַנאַ פֿראַנק,
אַ דורכזיכטיקע, ווי אַ פֿרילינג־צווייגל.
איך האָב אים ליב. מיר קוקן ביידע לאַנג
איינער אויפֿן צווייטן און מיר שווייגן.

מיר זעען גאָרנישט. טאָג און נאַכט פֿאַרשפּאַרט.
צעשיידט מיט לופֿט, מיט דופֿט, מיט רוף פֿון פֿאַרבן.
נאָר ס׳איז אין אונדזער מאַכט אַרומנעמען זיך צאַרט
אין בוידעם־שטוב אַ רגע פֿאַרן שטאַרבן.

מע גייט אַהער? נישט שרעק זיך — ס׳זיינען קלאַנגען
פֿון וועסנע. זי וועט ברענגען גוטע נייס.
נו, קום צו מיר, די הענט דיינע דערלאַנג מיר.
מע ברעכט די טיר? ניין, ניין! דאָס גייט דער אייז.

דער באַבי־יאַר — אין ווילדן גראָז דורכאויס,
די שטרענגע ביימער קוקן מיט באַדוי׳ער.
אַלץ שרייט דאָ שטילערהייט. מיין קאָפּ כ׳אַנטבלויז,
איך פֿיל כ׳ווער גרוי, מיט יעדער רגע גרויער.

איך בין אַליין אַ שטומער אויסגעשריי
פֿון טייכן בלוט, וואָס זיינען דאָ פֿאַרגאָסן.
מיט קינד און קייט איך פֿאַל דאָ ריי נאָך ריי,
און יעדעס מאָל איך ווער אויפֿסניי דערשאָסן.

פֿאַרהיט עס מיין זכרון, אַלץ פֿאַרהיט!
אינטערנאַציאָנאַל זאָל טאָן אַ שאַל,
ווען עס וועט אַוועק אין כף הקל
דער לעצטער אויף דער ערד אַנטיסעמיט.

כאָטש כ׳האָב קיין יידיש בלוט, ווי ס׳איז באַוואוסט,
פֿונקט ווי אַ ייד, האָב איך נישט אויסגעמיטן
דעם טעמפּן כעס פֿון די אַנטיסעמיטן, —
און אָט דערפֿאַר בין איך אַן עכטער רוס.

# באַבי יאַר

איבער באַבי יאַר זיינען קיין מצבות ניטאָ.
אַ הויכער באַרג־אַראָפּ, ווי אַ שריפט אויף אַ מצבה־
שטיין.
ס׳איז מיר שרעקלעך.
כ׳בין אַזוי אַלט אין אָט־דער שעה,
ווי דאָס יידן־פאָלק אַליין.
מיר דוכט זיך איצט —
איך בין אַ ייד.
אָט וואַנדער איך איבערן אַלטן מצרים אַרום.
און אָט, אויף צלם געקרייציקט, הענג איך שטום.
און נאָך ביז איצט אויף מיין גוף — פון טשוועקעס
די טריט.

מיר דוכט, אַז דרייפוס —
דאָס בין איך.

דער ערב־רב —
מיין מסור און ריכטער וואָס משפט מיך.

כ׳בין היגטער גראַטעס,
צווישן תפיסה־ווענט.

געטרודפט,
באַשפיגן,
פאַרלוימדעט.
און דאַמעלעך מיט בריסעלער פלאַטער־בענד,
שטעקן מיר, מיט קוויטשערייען, שירעמס אין פנים
אַריין.

כ׳בין אַ ייִנגל אין ביאַליסטאָק —
מיר דוכט.

בלוט גיסט זיך, רינט איבער מלבושים,
די פירערס פון שענקל בושעווען אָן בושה,

און עס אַוועק פון זיי מיט שנאַפּס און ציבעלע־געדוך.
מיט אַ שטיוול געבוכטשעט, הילפלאָז שטיי איך.
אומזיסט מיין געבעט ביי די פּאָגראָם־באַנדיטן.
מיט געלעכטער ווילדן:
„שלאָג די יידן, ראַטעווע ראָסייע!"
ממיתט דער מעל־קרעמער מיין מוטער די געטרייע.
אָ, רוסיש פאָלק מיינס!
איך ווייס —
דו ביסט אין תוך אינטערנאַציאָנאַל.
נאָר פּאַרשוינען, מיט הענט אומריינע, ווילדע יונגען,
אָפט האָבן מיט דיין נאָמען דעם זויבערסטן געקלונגען.
די גוטסקייט פון מיין ערד איז מיר גוט באַקאַנט.
ווי געמיין,
וואָס אָן אַ ציטער מיט אָן אָדער אַ מינדסטן
אַ נאָמען געגעבן האָבן זיך די אַנטיסעמיטן די
פינצטערע:
„פון רוסישן פאָלק אַ פאַרבאַנד"!
מיר דוכט —
דאָס בין איך — אַננאַ פראַנק,
זי לויטערע,
ווי אַ צווייגל אין אַפּריל.
אויך איך האָב ליב.
און קיין פראַזן דאַרף איך ניט. אַ דאַנק.

איך דאַרף,
מיר זאָלן איינער קוקן אויפן צווייטן אינדערשטיל.
אַזוי ווייניק קאָן מען זען,
קאָן מען ריחות דערגרייכן!

פון ביימער־בלעטער טאָרן מיר ניט געניסן,
אויך פון הימל טאָרן מיר ניט וויסן.
נאָר מען מעג זייער אַ סך —
צאַרט ווי אַ בלימל
אַרומנעמען איינער דעם צווייטן אין הוישכדיקן צימער.
מען גייט אַהער?
ניט שרעק זיך — ס'איז דער רויש — אָ, הער —

פון פריילינג —
ער קומט אַהער.

קום צו מיר,
דיינע ליפּן גיב מיר גיכער.
מען ברעכט די טיר?
ניין — עס ברעכט דאָס איז אין וויכער...

גראָזן ווילדע שורשען איבער באַבי יאַר,
מיט בליקן בייזע, ווי ריכטער, קוקן
ביימער־צווייגן.

אַלצדינג שרייט דאָ אין שטילשווייגן.
מיין קאָפּ אַנטבלויזט. איך פיל:
לאַנגזאַם ווער איך גרוי.
און איך אַליין —
איך וויי־געשריי אָן קלאַנגען כ׳בין אַצינד,
איבער טויזנטער מאָל טויזנטער באַגראָבענע.
איך —
בין דאָ יעדער זקן צעשאָסענער.
איך —
בין דאָ יעדעס צעשאָסן קינד
קיין זאַך אין מיין וועזן
פאַרגעסן וועט עס ניט!
זאָל אַ דונער טאָן
דער „אינטערנאַציאָנאַל“,
ווען אויף אייביק באַגראָבן וועט ווערן
דער לעצטער אויף דער ערד אַנטיסעמיט.
קיין יידיש בלוט פליסט ניט אין מיין בלוט.
נאָר מיט שנאה טעמפּער — און האָס איז מיין זכות —
פאַרהאַסט בין איך ביי יעדן אַנטיסעמיט,
פונקט ווי אַ ייד.
און דערפאַר
בין איך אַן עכטער רוס!

על באבי־יאר אין יד ואין מצבת.
ערוץ תלול — כדמות גולל על קבר.
אני אחוז אימה. היום זקנתי כמו
לו הייתי העם היהודי עצמו.

נדמה, אני עתה — איש יהודה קדומה.
הנה אני נודד בארץ המצרים.
והנה — מוקע על צלב, יורד דומה.
ובי עוד נכרים עקבות המסמרים.

נדמה לי, כי דרייפוס — זה אני.
הקרתנות — מוסרי ודייני.
מעבר לסורג אני. כפריץ־חיה.
חשוף לנגישות, דבות ויריקות.
ונשים מטרזנות, אגב צויחות דקות,
תוקעות לי בפרצוף קצה המטריה.

נדמה לי — ילד מביאליסטוק אני.
שותת־נגר הדם, נתז אל הכתלים.
מתפרעים סובאים, עינם בקנקנים,
וריחם רחוק חולף: בליל יי״ש ובצלים.
נבעט במגפים, אני מוטח, דרוס.
לפני בני־פוגרום תחנה אפיל לשוא.
לקול־צנות: הך בז'ידים, הצל את רוסי־
ובן גד באמי מפליא את מכותיו.

הו עם רוסי שלי! ידעתי עד מאד
כי במהותך אתה שוחר אחות עמים.
אך כל אותם זדים, שידיהם טמאות,
שמך הרבו לשאת בצלצולים רמים.
ידעתי את ארצי, ידעתי את טובה,
ומה שפל פזה בנטול אנטישמים

השם „ברית עם רוסי", כבסות־פאר נאנס
לרשע־פעלם, למוטסם־אימים!

נדמה לי כי אני — הנני אנה פרנק,
שקופה כבד איבן בניבה מאביב.
ואני אוהבת. ואל רעי אקרא.
כי זה אזו נביט, בלא מלה וניב.
מה מעט מתר לראות, וניחוחות לשאוף!
אסור לנו עלה, ענן נערפל.
אך רב מאד אפשר — בלב ענג וטוב
לחבוק איש רעותו בחדר האפל.
באים הלום? לא, אל תירא. הן זה משק
כנפי אביב — זה הוא הבא עד כאן.
אלי בא חיש. שפתיך תב. אשק.
שוברים דלתי? לאו — קרח שנבקע.

על באבי־יאר עשבי־בר מאושים.
אילן צופה נזעם, כבא לדרוש משפט.
פה הכל זועק דומם. ובגלותי ראשי,
אחוש כיצד אני הופך שיבה אט־אט.
ואני עצמי — צעקת אין־הגה
על אלפי האלפים שנקברו בגיא.
אני הוא — כל זקן שכאן הוצא להרג.
אני — כל ילד שנקבר בעוד הוא חי.
בכל נימים שבי אזכר את זאת תמיד!
ה„אינטרנציונל" ירעים־נא, ישמע,
בהקבר לעד, בספות לעולמים
אחרון אנטישמים עלי פני האדמה.
לא דם עברי זורם בתוך דמי,
אולם שנאה עזה שנוא אני, כמו
יהודי, על כל אנטישמי.
על כן — רוסי אני ראוי לשמו!

# THE OFFENDING POEM

There are no memorials over Babi
Yar—
The steep slope is the only gravestone.
I am afraid.
Today I am as old in years as the
Jewish people.
It seems to me now that I am a Jew.
And now, crucified on the cross, I die
And to this very day I bear the marks
of the nails.
It seems to me that I am Dreyfus.
The worthy citizenry denounces me
and judges me.
I am behind prison bars.
I am trapped, hunted, spat upon,
reviled
And good ladies in dresses flounced
with Brussels lace
Shrieking, poke umbrellas in my face.
It seems to me that I am a boy in
Byelostok,
Blood flows and spreads across the
floor.
Reeking of onion and vodka,
The leading lights of the saloon bar
Are on the rampage.
Kicked aside by a boot, I am helpless:
I plead with the pogrom thugs
To roars of "Beat the Yids, and save
Russia"
A shopkeeper is beating up my mother.
O my Russian people!
I know that you are really inter-
national.
But those with unclean hands
Have often loudly taken in vain
Your most pure name.
I know how good is my native land

And how vile it is that, without a
   quiver in their veins,
The antisemites styled themselves
   with pomp
"The union of the Russian people"
It seems to me that I am Anna Frank,
As frail as a twig in April.
And I am full of love
And I have no need of empty phrases.
I want us to look at each other,
How little we can see or smell,
—Neither the leaves on the trees nor
   the sky.
But we can do a lot,
We can tenderly embrace in a dark
   room.
Someone is coming? Don't be afraid—
It is the noise of spring itself.
Come to me, give me your lips.
Someone is forcing the door
—No, it is the breaking up of the ice . . .
Wild grasses rustle over Babi Yar
The trees look down sternly, like
   judges.
Everything here shrieks silently
And, taking off my cap,
I feel how gradually I am turning grey.
And I myself am nothing but a silent
   shriek
Over the thousands of thousands
   buried in this place.
I am every boy who was shot here.
No part of me will ever forget any
   of this
Let the "Internationale" ring out
When the last antisemite on earth is
   buried.
There is no Jewish blood in mine.
But I am hated by every antisemite
   as a Jew,
And for this reason,
I am a true Russian.

*Translated from the Russian*
*by Max Hayward*

# אַ שמועס

מען זאָגט מיר:
„דו גייסט מיט דרייסטע וועגן".
נישט אמת!
כ'בין קיינמאָל נישט געווען קיין דרייסטער —
כ'האָב פּשוט פאַר אומווירדיק באַטראַכט
זיך צו דערנידערן
ביז פּחדנות פון קאָלעגן.
כ'האָב ניט געפּרוּווט די זײַלן פון דער ערד אַ ריר טאָן.
כ'האָב פּשוט אויסגעלאַכט
אַלץ וואָס פאַלש איז,
אויפגעבלאָזן...
געשריבן — און גאָר!
נישט קיין מסירות.
און באמת זיך זאָגן אַלץ, וואָס כ'טראַכט.
אָ,
ס'וועלן דערמאָנען מיט חרפּה־געפילן
אונדזערע אור־אייניקעך,
קעגן געמיינקייט דערקלערנדיק די לעצטע שלאַכט
יענע צייט,
די וייער מאָדנע צייטן,
ווען
פּשוטע ערלעכקייט האָט מען אַלס דרייסטקייט
באַטראַכט.